ז. ווײנפּער

# גאָלד און גרין

פאַרלאַג:
„די פעדער"
ניו יאָרק.
.1925

באַמערקונג :

אַלע לידער, וואָס ווערן געדרוקט אין דעם בוך, זיינען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן : 1922, 1923, 1924 און ווערן איצט געדרוקט אין בוך־פֿאָרם צום ערשטן מאָל. אַן אויסנאַם איז בלויז די פּאָעמע „ראַטמיאַ“, וועלכע איז געשריבן געוואָרן אין 1921 און אין דאַן דערשינען, אין אַן אויסגאַבע פֿון 250 עקזעמפּליאַרן און איז אינגאַנצן אויספֿאַרקויפֿט געוואָרן.

ז. ווײַנפּער

## אַזוי פיל וועגן

אַזוי פיל וועגן אויסגעשפּרייט
און יעדער וועג באַגילדט, באַגרינט —
איך שטיי אַליין דאָ אויפ'ן שייד
און הער זיך צו צום ליד פון ווינט,
וואָס קרײַזט זיך איבער זיי אַרום
און רופט מיך: — קום!

דורך גרוי און שוואַרץ, דורך גאָלד און גרין
און שטיינער אויף אַ יעדן וועג.
דער גייט אַהער, דער גייט אַהין
און אַלע גרייכן צו אַ ברעג —
דער ברעג איז אויף אַ באַרג אַרויף,
דאָרט קומען אַלע זיך צונויף.

געלייטערטע פון שווערן גאַנג
באַגעגנט מען מיט פרייד זיך דאָרט.
עס וואַרט שוין צווישן זיי פון לאַנג
פאַר דיר אַ שטול און רויִק אָרט —
דער טרויער, אומרו דאָ באַם שייד
און דאָרט די רו, די פרייד.

קום-קום ! — נו גוט, נו גוט, איך גיי.
איך ציטער אויף און לאָז מיין טראָט
זיך אויסקלייבן אַ וועג פון זיי —
עס איז מיין טראָט געפירט פון גאָט
און ווייסט, וואָס גוט און ווייסט, וואָס שלעכט,
וואָס אומרעכט און וואָס רעכט.

אַזוי פיל וועגן אויסגעשפּרייט
און אַלע צו דעם זעלבן ברעג
און איך, פאַרלאָזנדיק דעם שייד,
האָב אויסגעקליבן זיך מיין וועג.
דורך גרוי און שוואַרץ, דורך גאָלד און גרין
דערפירן וועט ער מיך אַהין.

ז. וױַנפּער

# די רו

דער װעג איז צװישן גאָלד און גרין,
ניט װײַט פֿון דאַנען װאױנט די רו.
עס װײסט מײַן פֿערד דעם װעג אַהין,
עס פֿירט מײַן פֿערד אַהין מיך צו.

אַ װינטל בלאָזט אָן צװעק, אָן זין
און זינגט: בו־הו, הו־בו... װאו־זװאו...
אַ גליענדיקער, װי בערשטײן,
דער הימל רוקט צו דר'ערד זיך צו.

אַ שלענגלדיקער איז דער שליאַך
און פֿירט אױף מײלן װײַט אַװעק.
ניט װײַט פֿון דאַנען װאױנט די רו.

און אױף אַ יעדן װעג און שטעג
אַ שװײַגנדיקע שטײט די װאַך
און לאָזט מײַן פֿערד אַהין ניט צו.

# מיין בענקשאַפט

אַ טויער מאַכט זיך אויף,
אַ טויער מאַכט זיך צו.
פון דער זייט רוישנדיקע מערק,
פון יענער זייט די רו.

איך בין אַ זון פון זאַמדיקן,
פון זון־צעברענטן וועג.
מיין בענקשאַפט שטרעקט די הענט אַהין
דורך נעכט און טעג.

און איצט מיט אייך אין טומל
— פון רוישנדיקע מערק
צי זעט איר ניט אויף מיר
דעם שטויב פון בערג ?

אויף אַ קעמל־רוקן
וויג איך אום זיך אין דער שטיל.
דער וועג איז ברייט און זון־צוברענט,
מיין קעמל גייט וואוהין עס וויל.

ז. ווײנפּער

מײַן האַרץ איז אײַנגעװיגט אין רו,
עס טראַכט דאָך ניט קײן גוטס, קײן שלעכטס.
מײַן קעמל ציט פֿון אָרט צו אָרט,
אַמאָל אויף לינקס, אַמאָל אויף רעכטס.

אַ טויער מאַכט זיך אויף,
אַ טויער מאַכט זיך צו.
איין האַנט צו רוישנדיקע מערק,
די צווייטע צו דער רו.

## ווי גרויס עס זיינען דיינע וואונדער

פריער אַלע שפּיצן פון די בערג צוזאַמען
און דערנאָך אין העלע גליענדיקע פלאַמען
יעדער באַרג און בערגעלע באַזונדער —
גאָט, ווי גרויס עס זיינען דיינע וואונדער!

אויף די ברייטע וועגן — קעמל־קאַראַוואַנען
מאַכן קלענערע די טריט און לאַנגזאַמער די שפּאַנען
און די טרייבער — אויסגעבלייכטע, שטילע —
יעדערער פאַרזונקען אין זיין תּפילה.

לויב צו דיר, אַללאַ, ווי גרויס עס זיינען דיינע וואונדער! —
זינגט פאַר זיך איצט יעדערער באַזונדער
און די בערג אין פאַרבעדיקן גליען
נעמען אַזאַ לויטערקייט איבער אַלעמען פאַרציען.

# גרויע פאַרלאָזענע שטיינער

גרויע, פאַרלאָזענע שטיינער צעשטעלטע אין רייען —
אומצייליקע, ביינערנע הענט פון סקעלעטן
רייסן פון דר'ערד זיך און בעטן און בעטן
עס זאָל זיי די מדבר מיט זאמד ניט פאַרוויייען.

גרויע, פאַרלאָזענע שטיינער — עס האָבן פּאָעטן,
ווי איך לעבן אייך איצט, פאַר'חלום'ט געזען
אַזוינס, וואָס איז קיינמאָל מיט אייך ניט געשען
און רייך איז די וועלט מיט באַלאַדן, סאָנעטן.

אַ שטיין אינ'ם זאמד — אַ שיינע באַלאַדע —
אָט דאָ איז אַ פּאַלאַץ געשטאַנען אַודאי
אַרום איז גאָרטן מיט בליענדע בוימער.

עס שלאָפט די פּרינצעסן באַוואַכט פון אַ שומר
און דאָרטן אויף יענער זייט ביי די שטאַכעטן
קרעכצט אויס אַ ריטער זיין שמערץ אין סאָנעטן.

# נאָך גוט

אַ סאַפּענדיקער אָקס
אין שווערן יאָך,
און איך אַ שטויביקער
שלעפּ מיד זיך נאָך.

אַ דינער שטויב הויבט שווער
פון דר׳ערד זיך אויף,
דער אָקס אין שווערן יאָך
שלעפּט מיד זיך באַרג אַרויף.

נאָך גוט, וואָס דאָ און דאָרט
אַ ביסל גאָלד און גרין —
עס הענגט מיין בליק אויף דעם,
ווי אויף אַ בלום — די בין.

נאָך גוט וואָס אין מיין פלאַש
איז דאָ אַבּיסל וויין.
באַטאָג אַ שטראַל פון זון,
באַנאַכט לבנה־שיין.

ז. װײַנפּער

אַ פֿױגל הױבט זיך אױף
און פֿליט און פֿליט,
עס מאַכט דער מידער אָקס
פֿאַמעלאַכדיקע טריט.

עס זעט דער שפּיץ פֿון באַרג
פֿון דאַנען קױם זיך אָן —
מען זאָגט, אַז אין דער הױך
װאַרט לאַנג אױף מיר אַ טראָן.

נאָר צו דעם שפּיץ פֿון באַרג
איז װײַט נאָך װײַט.
אַ לערער װעט דער טראָן
נאָך שטײן אַ לאַנגע צײַט.

העי אָקס! דו הערסט? אַ טראָן!
עס אַרט אים גאָרנישט ניט.
ער שלעפּט זיך מיד ארױף,
פֿאַמעלאַך זײַנע טריט.

װאָס גײט דעם אָקס אין יאָך
דען אָן טראָן?
און איך אַ שטױביקער,
װאָס זאָל איך טאָן?

## גאָלד און גרין

נאָך גוט וואָס אין דער פלאַש
איז דאָ אַביסל ווייַן.
געבענטשט זאָל זייַן די זון
און די לבֿנה־שייַן.

דער וועג איז גרויס און שווער
און ציט זיך אָן אַ זין,
נאָך גוט וואָס דאָ און דאָרט
אַביסל גאָלד און גרין.

ז. װײַנפּער

## גאָלד און גרין

װאָלקנס, װאָלקנס —
סטאַדעס שאָף,
װעקט אַ קינד זיך
פֿונ׳ם שלאָף.

און דער דונער —
קראַך־קראַך־קראַך!
שרעקט די יונגע
שעפּעלאַך.

אָן אַ פּאַסטוך
שאָף אַליין?
שטיקט דאָס קינד זיך
פֿון געװײן.

קינד מײַנס, קינד מײַנס,
רויִק שלאָף —
װאָלקנס זײַנען
ניט קיין שאָף.

און דער שטורעם?
רואיק זיי!
יעדער שטורעם
גיי פאַרביי.

אויף דער פרילינג,
האַרבסט שוין באַלד —
וויינט דאָס גראָז איצט
אינ'ם וואַלד.

גראָז און גרעזל,
וואָס איז דאָס?
אויף דער פרילינג,
נו איז וואָס?

גרין דער פרילינג,
האַרבסט איז גאָלד —
און די פעלדער —
בונט באַמאָלט.

לעב, דיין לעבן —
גאָלד און גרין!
און דערנאָכדעם,
וואָס, וואוהין?

ז. וויינפער

וואָלקנס, וואָלקנס,
גרוי און שווער —
רייט דער ווינטער
אָן אַהער.

זיינע בליקן
קאַלט ווי אייז,
און זיין בערדל
שנייאיק ווייס.

שיט ער, שפּרייט ער
ווייסן שניי.
אין זיין ווייסקייט
גיי, פאַרגיי!

# אין גערֹאַנגל

עס איז דאָס לעצט און אָנגעשטרענגט געראַנגל
און פון דער אָנשטרענגונג די האַנט איז בלוי.
און אויפ׳ן ים — אַ שווימענדיקער שטרוי
און דאָ און דאָרט אַן אָפּגעריסן שטאַנגל.

אין ים געברויז, אין כוואַליענדיק געדריי —
ער פּילט אין אָטעם שוין אַ מאַנגל.
דאָך שמייכלט נאָך צו אים אַן אָפּגעריסן שטאַנגל,
עס טרייסט אים נאָך דער שווימענדיקער שטרוי.

און ווי זאָל זיין צו דעם, וואָס נעמט אַוועק דעם שטרוי
און ווי זאָל זיין צו דעם, וואָס נעמט אַוועק דעם שטאַנגל;
די ציין פאַרקריצט און אין אָטעם שוין אַ מאַנגל.

דאָך ציט זיין האַנט זיך איינגעשפּאַרט אַזוי
צום האָפנונגסלאָזן, שווימענדיקן שטרוי
און צו דעם אָפּגעריסן שטאַנגל.

ז. ווײַנפּער

# דער טאָג שטאַרבט אָפּ

דער טאָג שטאַרבט אָפּ אין רויטן שײַן
און אויף מײַן האַרץ אַ שוואַרצער קרעפּ.
אַ פליג אין נעץ פון שפּינוועב
גײט אויס פון צער און פּײַן.

מיט פליישן פולע אַלע טעפּ,
די פעסער פול מיט רויטן ווײַן.
אַ שווײַגנדיקע שוועבט די פּײַן
און שפּרייט זיך איבער אַלע קעפּ.

העי, רײַס זיך ניט פון נעץ, אַ פליג,
און אין דער נעץ אַזוי פאַרזונק.
ניטאָ פון נעץ קיין וועג צוריק.

די פעסער פול מיט רויטן ווײַן.
מײַן פּײַן גײט אויף פון רויטן שײַן.
העי דו, גיב מיר אַן נאָך אַ טרונק!

# דיין אָרון ניט באַגלייט

דער גוטער פרוי שוואַרץ
צום אָנדענקען.

מיט שטילע און געציילטע טריט
האָב איך דיין אָרון ניט באַלייט.
אַ ליד פון שפּילעוודיקע פרייד
איז אָפּגעשטאָרבן אין דערמיט.

עס צאַפּלט זיך אין לופט די פרייד
פון ניט־דערזינגטן ליד.
מיט שטילע און געציילטע טריט
האָב איך דיין אָרון ניט באַלייט.

אַ צאַפּלדיקער שוועבט דער טאָן
פון דיין ניט־אויסגעזינגטן ליד,
איז וואָס־זשע זאָל איך איצטער טאָן ?

אַזוי פיל צער, אַזוי פיל לייד —
מיט שטילע און געציילטע טריט
האָב איך דיין אָרון ניט באַלייט.

ז. ווײַנפּער

## שלאָף איין און שווייג

זיך לעגן אָט אַזוי אָט דאָ
אין גרינעם, שמעקנדיקן גראָז
און פּונקט, ווי זיי צום ווינטל־בלאָז,
זיך אָפּגעבן אין אָוונט שעה.

דער טוי איז דורכזיכטיק, ווי גלאָז
און שפּרייט זיך אויס אין טונקל־גראָ
און איך בין דאָ און דאָך נישטאָ,
אַ גרעזל בין איך צווישן גראָז.

אַ פֿויגל ערגעץ אויף אַ צווייג
כאַפּט אויף זיך נערוועז פֿונ׳ם שלאָף
און שלאָפֿט באַלד ווידער איין.

און דו, מײַן האַרץ, ניט וויין, ניט האָף —
אַ גרעזל ווייסט ניט פֿון קיין פּיין,
שלאָף איין, און שווייג, און שווייג.

## מו־הו... מו־הו...

אין דעם צעוואַרעמטן בייטאָג,
ווי גוט איז מיר איצט אין זיי גלי.
אַנטקעגן מיר אַ סטאַדע קי,
דער בוהיי — אויפן האַלדז אַ גלאָק.

און פלוצלונג פון אַ האַלדז — מו־הו...
און ווי אַ שווערע מאַסע וואָג
טוט אין דער לופט זיך אַ צעטראָג
דאָס ברומען פון אַ יונגער קו.

מו־הו... מו־הו... ווער ענטפערט אָפּ?
דער בוהיי מיט צערייצטן בליק
הויבט העכער אויף זיין שווערן קאָפּ.

און אין דעם היציקן באַטאָג
הויבט אויף די לופט אַ גרויס געקלאָג
פון פיין און גליק.

ז. ווײַנפּער

# איינס און צוויי

איינס און צוויי
איינס און צוויי
איינס און צוויי איז דריי.
זון באַהעלט
אונזער וועלט —
לעבן איז כדאי.

זום־זום־זום?
זום־זום־זום?
פרעגט באַ מיר אַ פליג.
טראַ־לאַ־לאַ,
טראַ־לאַ־לאַ,
ענטפער איך צוריק.

איינס און צוויי
איינס און צוויי
צוויי און צוויי איז פיר.
ווינטל־בלאָז
אויפ׳ן גראָז
בלאָזט עס אויך אויף מיר.

טרי־לי־לי,
טרי־לי־לי,
זינגט אַ וואַסער־פאַל.
בליאַסקעט, בלענדט,
גליט און ברענט
איבער אים אַ שטראַל.

דריי און פיר,
דריי און פיר,
פיר און פיר איז אַכט.
אויפ׳ן קאַרג
פון אַ באַרג
האָט זיך ווער צעלאַכט.

כאַ־כאַ־כאַ!
כאַ־כאַ־כאַ!
ווער זשע לאַכט עס דאָרט?
כאַ־כאַ־כאַ!
כאַ־כאַ־כאַ!
מער דאָך ניט קיין וואָרט.

פיר און פינף,
פיר און פינף,
פינף און פינף איז צען.

ז. ווײַנפּער

קלינג־קלאַנג, קלינגט
פֿויגל זינגט,
ווײַזט מיר, וואָס ער קען.

פֿויגל פֿליט
טײַכל ציט
איך צי אויך מיט זיי
איינס און איינס
איינס און איינס
איינס און איינס איז צוויי.

## ניט ציטער

דער טוי איז דורכזיכטיק, ווי גלאָז
און אויף מיין אַקסל דיינע פינגער.
און מיר אָט־דאָ אויף שמעקדנדיקן גראָז,
מיר זיינען פונ׳ם טוי נאָך גרינגער.

די זון האָט אַזוי אומגעריכט
דאָס גרינע פעלד פאַרלאָזן;
ביסטו אַצינד דאָס בלענדנדיקע ליכט
אויף זאַנגען און אויף גראָזן.

און איצטער אין דער אָוונט־שעה
ניט ציטער דאָך ניט ציטער!
אין שמעקנדיקן פעלד אָט־דאָ
בין איך דיין שיצער, דיין באַהיטער.

פאַרפרעמד ביסטו אָט־דאָ, פאַרוווירט —
אַליין דאָ צווישן זאַנגען,
האָב איך דיך פון דער ווייט דערשפּירט
און בין דיך נאָכגעגאַנגען.

אַ גראָז, אַ בוים און דו
פֿאַראַנען אויך דאָ דערנער
און דו — אַ זאַנג, זיך בויגנדיק,
מיט זאַפֿטיק־פֿולע קערנער.

און איצטער אין דער אָוונט־שעה,
ניט ציטער דאָך, ניט ציטער!
כל־זמן די זאַנגען זיינען דאָ
מוז זיין דאָך אויך דער שניטער.

# נאָך אַ רעגן

נאָך אַ רעגן
גלאַנצט, ווי אַ שפּיגל, דער אַספאַלט אין גאָרטן.
און די בוימער —
מיידלאַך מיט צעלאָזטע, איינגענעצטע לאָקן
שאָקלען זיך און וואַרפן פּערל אויף דער ערד.
וואָלקנס אָפּגעריסענע צירן זיך
אין ראָז, אין פיאָלעט און אין פּורפּור.
און צעווישן זיי אַ בלענדנדע
קוקט, לאַכט די זון.

אויף אַ צווייגל
הויבט אַ פויגל אָן צו סווישטשען,
אַ וועווערקל
לאָזט זיך פון בוים אַרונטער,
טוט אַ שפּרונג
און בלייבט פאַרגאַפט
צווישן פאַלנדיקע פּערל.
און אין דער הויך אַ בלענדנדע
קוקט לאַכנדיק די זון.

ז. ווײַנפּער

איבער גלאַנציקן אַספאַלט
קומט אַ פּאָרל אָן שפּאַצירן.
זײַנע אויגן בלאָנדזשען
איבער מיידלאַך מיט צעלאָזטע לאָקן,
וואָס וואַרפן פּערל אויף דער ערד.
און זי אַן אויפגעהויבענע, פאַרגעסענע
צווישן ראָז און פּיאָלעט און אין פּורפּור,
און איבער זיי אַ בלענדנדע
קוקט, לאַכנדיק די זון.

## ווי וואונדערלאַך

ווי וואונדערלאַך, ווי וואונדערלאַך.
דער טוי צעגייט זיך אין דער הויך
און פּונקט אַזוי דער קוימען־רויך.
ווי וואונדערלאַך, ווי וואונדערלאַך.

דורך אימיצנס אַ שטאַרקן כח
עס אָטעמען צוגלייך
דער ריינער שפּילעוודיקער טייך,
די האָלאָוועשקע פון׳ם רויך.

ווער איז דער כח ? וואו איז ער וואו ?
איך לעב און קוק צו אַלץ זיך צו —
אַ שומר בין איך אויף דער וואַך.

די גרויסע וועלט־באַשאַף
באַטראַכט איך און איך גאַף און גאַף —
ווי וואונדערלאַך, ווי וואונדערלאַך.

ז. וויינפער

## איינגעוויגט און איינגעשלאָפן

איינגעוויגט און איינגעשלאָפן,
ווי אַ יונגער שיינער צווילינג
אָטעמט שטיל דער ברוינער זומער
באַ דער זייט פון בלאָנדן פרילינג.

ווי אַ שומר, וואַכט דער ווינטער
איבער זייער וויגל —
ווייסע פלאַטערדיקע פייגל
פאָכן מיט די פליגל.

פאַלן פעדערלאַך אין לופטן
פוכקינקע און ווייסע
און דער פראָסט — אַ קנאַקנדיקער
לייענט זיי אַ מעשה.

מעשה, מעשה, מעשה׳לע —
פייגל, הינט און בערן.
איך וואָלט אויך דאָס מעשה׳לע
איצטער וועלן הערן.

זומער — פרילינג, שיינער-צווילינג
כ׳וואָלט מיט אייך זיך לעגן;
האָט צו אייך דער בייזער ווינטער
מיר פאַרשטעלט די וועגן.

## אַ שניי-מענטש

באַנאַכט האָט געשטורעמט דער ווינט
מיט רוישיקן קרעכצנדן צאָרן
און איצטער איז ליכטיק און שטיל —
די וועלט איז אַ ווייסע געוואָרן.

ערשט נעכטן — די בוימער און סאָד,
ווי הוילע, ווי נאַקעטע שטעקנס
און היינט אינ׳ם בלענדנדן שניי,
ווי כלות פאַרפּוצט צום באַדעקנס.

ערשט נעכטן — דער קלויסטער, די שול—
די אייביק פאַרביטערטע שונאים,
און היינט אינ׳ם זעלביקן שניי
זיך אויסגעפּוצט ווי מחותנים.

און איך האָב פון פּוכיקן שניי
אַ מענטש ווי אַ ריז זיך באַשאַפן —
צוויי הענט אויסגעשפּרייט אין דער ברייט,
אַ מויל און אַ נאָז, אַזש צום גאַפן.

ז. ווייגפער

אַט שטייט ער אינמיטן דעם סאַד
אין מויל אַ ציגאַר פון אַ ריטל —
אַ נאַקעטער אין אַזאַ פראָסט
זיין קאָפּ אָן אַ היטל.

ווי קאָן מען אַ אידשן שניי־מענטש
אַזוי אָן אַ היטל דאָ לאָזן.
צעבייזערן קאָן זיך נאָך גאָט
און באַלד מיט אַ שטורעם צעלאָזן.

בליז־בלאָז ! . . . און דעם בלענדנדן שניי
דער ווינט וועט שוין ערגיץ פאַרטרייבן —
עס וועלן דער קלויסטער, די שול
אויף אייביק זיך שונאים פאַרבלייבן.

בליז־בלאָז ! . . . און בו־הו ! . .. ווי ביינאַכט
מיט רווישיקן, קרעכצנדן צאָרן
און אין אַזאַ שטורעם דער שניי־מענטש
פאַרפאַלן, פאַרלאָרן.

## קעניק-ווינטער

זיבן ווייסע פענער.
האַלטן אין די שנאָבלען
זיבן, גרויסע ווייסע,
פלאַטערדיקע הענער

נעמען זיי אין לופטן
פלאַטערן און ווייען,
מיינט עס, אַז דער קעניק
האָט באַפוילן: שנייען!

נעמען ווייסע פייגל
פעדערלאַך צעשיטן
און דער ווינט אַ טענצל
כאַפּט אינמיטן.

און דער גרויסער טיטול:
קאַלטער קיניג-ווינטער
איז אַ כשר'ער,
אַ פאַרדינטער.

אַלע פרעסט און ווינטן
זיינען אונטערטעניק
צו דעם מעכטיק-שטאַרקן
ווינטער-קעניק.

ז. וויַיופּער

בלויז אויף זייַנעם
אַ באַפעל,
קומען אַלע
בליציק שנעל.

פרעסטל גלי!
פרעסטל ברען!
ווייַזט עס גלייך,
וואָס עס קען.

מיט אַ ווינטיק
ווייַ און בלאָז,
שמעכט עס, שנייַדט עס
שאַרף, ווי גלאָז.

און דאָס ווייַסע
לייַכטע שנייען
הויבט זיך בליציק
אָן צו דרייען.

ווי אַ ווילדער
קאַראַהאַד
אויף דעם קעניק׳ס
שטום געבאָט.

און אַ טורעם
פון קרישטאָל
וואַרפט מיט שטראַלן
איבער באַרג און טאָל.

אַז דער קיניג
זאָל דאָס שנייען
פון זיין פּאַלאַץ
קאָנען זען.

זיצט ער טאַקע
אויף זיין טראָן
אין זיין אייז-פּעלץ
אָנגעטאָן.

און זיין בליק
ניט אָפּצערייסן
פונ'ם שניי —
דעם בלענדענט-ווייסן.

און ער לאַכט
און קוועלט און קוועלט
פון דער גרויסער,
ווייסער וועלט.

# שניי-טאַנץ

ווינטן צעבלאָזן זיך,
ווינטן צע׳כעס׳ן זיך —
גאַסן און געסעלאַך
פּוכקיק צעווייסן זיך.

שנייעלאַך-פּעדערלאַך
שיטן זיך, שיטן זיך —
אינגעלאַך, מיידעלאַך
דרייען אינמיטן זיך.

שנייעלאַך-דימענטלאַך,
שנייעלאַך-גלעזעלאַך —
אינגעלאַך, מיידעלאַך,
לייכטע, ווי די בלעזעלאַך.

גליטשן זיך, שליטלען זיך,
וואַרפן זיך קיילאַכלאַך —
שרייען און ליאַרעמען
קינדערשע מיילאַכלאַך.

ווינטן צע׳כעס׳ן זיך,
ווינטן צעבלאָזן זיך —
שנייעלאַך יאָגן זיך,
שנייעלאַך בלאָזן זיך.

בייסן זיי, שטעכן זיי,
קאַלט אַזש סכנה׳דיק —
מיטיק-צייט זונעדיק,
אוונט לבנה׳דיק.

פּיף-פּוף-פּאַף! פּיף-פּוף-פּאַף!
דרייענדיק, טאַנצנדיק —
זוניק-לבנה׳דיק
בלענדנדיק, גלאַנצנדיק.

יאָגן זיי, קומען זיי,
גלאַנצן זיי, פּאַלנדיק —
הויפנס מיט דימענטלאַך
בלענדנדיק, שטראַלנדיק.

ז. ווײַנפּער

הויפנס מיט דימענטלאַך,
הויפנס בריליאַנטעלאַך
פאַלן אויף קינדערשע
היטעלאַך, מאַנטעלאַך.

זינגענדיק, שפּרינגענדיק
קינדערלאַך פרייען זיך —
פוכקיקע שנייעלאַך
פאַלנדיק דרייען זיך.

טראַלאַלאַ! טראַלאַלאַ!
שנייעלאַך, שנייעלאַך —
ווייסינקע פלאַטערלאַך,
ערשט פון די אייעלאַך.

פלאַטערן, פלאַטערן,
יאָגן זיי, ווייען זיי.
פאַלנדיק, ווייענדיק
גייען, פאַרגייען זיי.

## פאַר שווערן וועג

די געגנט דאָ
באַבאַרגט, באַטאָלט.
פון אונטן גרין,
פון אויבן גאָלד.

און ווער האָט עס
אַזוי באַמאָלט,
דעם טאָל אויף גרין,
דעם באַרג אויף גאָלד?

עס האָט אַזוי
זיך גאָט פאַרוואָלט:
דעם טאָל אויף גרין,
דעם באַרג אויף גאָלד.

פאַר שווערן וועג
האָט ער באַצאָלט
מיט גרין אין טאָל,
אויף באַרג מיט גאָלד.

דער וועג איז דאָ
פאַרדרייט, פאַרשמאָלט.
געבענטשט זאָל זיין
דאָס גרין און גאָלד.

ז. וויינבער

# די געפודערטע גראַציע

אַ שטאָלצע געפודערטע גראַציע
מיט זייַדענעם פאָכער זיך פאָכנדיק.
פאַרביי איר — אַ נאַציע נאָך נאַציע
מיט פויסטן אין הערצער זיך באָכנדיק.
זיי יובל'ן עקסטאַזיש דער גראַציע
מיט לידער און ווילדע אָוואַציע.

עס שאַלט אויף דאָס ליד פון די נעכטיקע
מיט רווישיקער מאַניפעסטאַציע.
די הערשאַפט פון די נידערטרעכטיקע
קערט אום זיך צוריק פון וואַקאַציע.
די בייטשן אין די הענט פון די מעכטיקע
שווין ווידער אויף לייבער פון קנעכטיקע.

די רווישיקע גאַסן צעברענען זיך
מיט פייערווערק, אילומינאַציעס.
אַ גראַף און אַ דינער דערקענען זיך
אינמיטן די מאַניפעסטאַציעס.
דער דינער פאַרנויגט זיך מיט וויכטיקייט
און איז שוין צום דינסט פון זיין ליכטיקייט.

# גאָלד און גרין

מיט זילבער און גאָלד שעמערירנדיק
פאַרנויגט זיך אַ שטאָלצע די גראַציע.
און פרעך זיך מיט שמינקע באַשמירנדיק
מאַרשירט זי צו דער קאָראָנאַציע.
עס שטורמט צו איר זיך אָוואַציעס,
מיט פייערווערק, אילומינאַציעס.

עס גייט אויף דאָס ליד פון די נעכטיקע
אַנטקעגן די היינטיקע, מאָרגיקע.
די קולות פון די נידערטרעכטיקע
צעגרילצן זיך שכור'ע, אָרגיקע.
עס פאַלן די בייטשן פון מעכטיקע
אויף רוקנס און לייבער פון קנעכטיקע.

נאָר פלוצלונג באַווייזט זיך די פראַציע
אַנטקעגן דעם מאַרש פון די נעכטיקע.
און פונקט, ווי אַ האַלוצינאַציע,
פאַרגייען די טריט פון די מעכטיקע.
פאַרשטומט ווערט דער גרילץ פון די אָרגיקע
אַנטקעגן דעם ליד פון די מאָרגיקע.

די קאָסע אין לופטן זיך וויגנדיק.
איר שאַרף איז פאַר אונז ניט סכנה'דיק.
די שווערד אין מוזעאום, וואו ליגנדיק

ז. וויינפער

אַמאָליקע צייטן דערמאָנענדיק.
די סערפן, די שווערדן באַזיגנדיק,
צוגלאַנצטע אויף פעלדער, זיך וויגנדיק.

מאָדעלן בלויז פאַר דעקאָראַציע
אויף פאַרשטעלן די נידערטרעכטיקע,
ביסטו אַ, געפודרעטע גראַציע
מיט דיינע משרתים, די נעכטיקע.
און איצט דעם טעאַטער פאַרלאָזנדיק
פאַרגייט, ווי דער שטויב, זיך צובלאָזנדיק.

# גערויש

גערויש,
צעווילדעטער גערויש.
גערויש שלינגט איין גערויש
און ברעקלט זיך אויף קלענערע גערוישן.
צאַפּלען זיי זיך אום
און טוישן זיך און טוישן,
וואַרפן זיך מיט אַ געברום
פון מיטן גאַס צום טראָטואַר
און גלייך צוריק מיט אַ ווירוואַר,
ווי שדים וואָלטן זיך דאָ ראַנגלען.

ריל, ריל, ריל.
ראַל, ראַל, ראַל.
ערגיץ אין אַ הויכן טורעם איז אַ ריז געפאַנגען.
רייסט ער איצט די קייטן פון די הענט
און שלאָגט מיט קאָפּ און אַקסלען אָן די ווענט.

גערויש,
קאָנוואולסנדיק גערויש —

ז. װײַנפּער

דער אױפֿברױז פֿון אַ שטורעם אױף אַ ים אַ װילדן
און אין׳ם שטורעמדיקן אױפֿברױז
פֿון רױשנדיקע, ברױזנדיקע װאַלן,
װאָס הױבן זיך און פֿאַלן,
הױבן זיך און פֿאַלן
צאַפּלען זיך עלעקטרישע שילדן.
לעשן זיך און צינדן זיך,
לעשן זיך און צינדן זיך,

בליצנדיקע,
טאַנצנדיקע,
צערײַסן זיך,
צעפּיצלען זיך,
אומצײַליקע קאָלירן —
עס װעט דער ריז אין הױכן טורעם זײַן געדולד פֿאַרלירן.

גערױש,
צעברעקלטער גערױש —
ערגיץ האָט די ערד געטאָן אַ ציטער;
מישן גאַסן זיך מיט מערק,
מישן טאָלן זיך מיט בערג

און איבער זיי אַ לויפּיקער געוויטער.
אָט באַלד —
און אינ'ם אויפבּרויז פונ'ם שטורעם
צעפאַלן וועט זיך אויף דער טורעם
דער ריז — פאַרלירנדיק דעם זינען, —
וועט שפּאַנען איבער די רואינען.

ז. ווײַנפּער

## איך וואַרט נאָך אַלץ

איך וואַרט נאָך אַלץ אויף דער געפּאַטשעריי
פון דײַנע פּאַכנדיקע ווײַסע פליגל.
עס איז מײַן פענצטער אויפגעעפנט ברייט
און אויף מײַן טיר — אַן אויפגעריגלטער דער ריגל.

און וועסטו קומען וועל איך מײַנע אָרעמס שטרעקן
און ווי אַ אינגל דיר אַנטקעגן לויפן
כאַטש כ׳האָב אַביסל קליין-געלט אָנגעקליבן
אַ הויז מיט שײנע מעבל זיך צו קויפן.

ביז איצטער, אַז די זון וואַרפט צו אַמאָל אַ שטראַל,
נו, מײלע, מײַכעטײסע,
עס איז דאָך שלעכט דאָס ציטערן אין קאַלטע טעג,
ווי שלעכט עס איז דאָס שוויצן אין די הייסע.

און אַז מײַן זעמעלע מיט פּוטער, צי מיט שמאַלץ
איז אָפּטמאָל פון אַן אַנדער מויל אַוועקגעריסן,
עס איך דאָס דאָך מיט גרויסן אַפּעטיט
און מאַך דערפון זיך גאָרניט וויסן.

און ציגאַרן קלויב איך אויך זיך אויס די בעסטע, —
ווי גוט עס איז אין ווײכן וויג-שטול זיך צו וויגן,
און אין די רינגען פון׳ם שמעקנדיקן רויך
מיט וויזיעס, חלומות זיך פאַרוויגן: —

פון די פאַרבאָרגנסטע און ווייטסטע לענדער
ערגיץ־וואו נאָך אַ ווייטער, ווייטער,
אויף אַ באַפליגלט־פליענדיקן פערד
איילט צו אונז און פליט צו אונז אַ רייטער.

זיין פנים יונג און פריי און פרייער נאָך זיין בליק,
אַרום זיין שטערן רעגנבויגן־קרייזן
אַט קומט ער אָן, און מיט אַ ברייטע, פרייע האַנט
וועט ער די הונגעריקע שפייזן.

עס זיינען זיינע קלימקעס, טאָרבעלאַך און פושקעס
אָנגעפּאַקט און שווער איז ער מיט זיי באַלאָדן —
מיט ווייסע חלה און קאָרן־ברויטלאַך
מיט לעקאַך און מיט שטרודל און מיט פלאָדן.

און אין זיין גוטסקייט וועט ער טיילן
אַ גלייכן חלק יעדן איינעם —
אַ שטרודל דעם, אַ פלאָדן יענעם,
פאַרטיילן וועט ער דאָך ניט קיינעם.

אַזוי־אַ האָט מיין ליבע, גוטע מאַמע
מיך פאַרוויגט אין קינדער־וויגל —
איך וואַרט נאָך אַלץ אויף דער געפּאַטשעריי
פון דיינע פּאַכנדיקע, ווייסע פליגל.

ז. ווייפער

# אומרו מיינע

צעווילדעוועטע אומרו מיינע,
איך זינג צו דיר אַ ליד: —

אומרו מיינע!
אומרו מיינע!
דורך פלאַם און בלוט און רויך
קומט שטורעמדיק אַ יונגער כח.

פאַלט זיין בליק
אויף טיר און טויער,
צעריגלען זיך די ריגל.
פאַלט זיין בליק
אויף שווערן מויער,
צעפאַלן זיך די ציגל.

הינער, גענדז און וואַסער־פייגל
הויבן זיך מיט אָדלער־פליגל.

אומרו מיינע!
אומרו מיינע!
עס הערט מיין ליד
די ווייטע טריט
וואָס רייסן זיך
דורך פלאַם און בלוט און רויך.

זינג-זשע דו,
מיט מיר אויך מיט
צו דעם שטורעמדיקן כח,
אומרו מיינע!
אומרו מיינע!

# אָ, ברידער!

איבער די פעלדער און וויסטעס צעטראָטענע
ליגט איר אין קברים פאַרשאָטענע

און אויף די קברים:
מצבות,
צלמים,
האַלבע-לבנות
און איבער די קברים
פון מענדלס,
פון יאַניקס,
פון אַכמעדס
מאַמעס פון וויינען דערשלאָגענע,
טאַטעס פון טרויער צעטראָגענע.

אָ ברידער!
אויף אייערע קברים
צווישן מצבות
און צלמים
און האַלבע לבנות

קאָנען נאָך אייערע טאַטעס און מאַמעס קיין שלום ניט שליסן.
אַ גרויזאַמע האַנט האָט אײנמאָל אַ פאָדעם צעריסן
קאָן קיינער אים מער ניט פאַרבינדן
און ווייסט איר דאָס טרייסט־וואָרט, וואָס היילט זיי וואונדן?

האָט ערגעץ זיין גבורה
דער לייב היינט פאַרלוירן,
וועט מאָרגן זיין לייביכע
קינדער געבוירן.

אַזוי איז אַודאי
דאָך אויך מיט'ן טיגער,
ער בלייבט אין דער מדבר
נאָך אַלץ דער באַזיגער.

און אַט דען דער פאַסטוך
צעבראָכן זיין שטעקן
און וועט שוין מיט אים ניט
די טשערעדע שרעקן?

אַט דאָס איז דאָס טרייסט־וואָרט
אויף אייערע קברים

ז. וויינפער

און טויזנטער אנדערע פגרים
פון מענדלס,
פון יאניקס,
פון אכמעדס
וועלן, ווי איר דא, א ברידער!
ליגן אין קברים פארשאטענע
איבער די פעלדער און וויסטעס צעטראטענע.

# פייערדיקע פענער

אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס שווער געפּעק,
זיך זעצן דאָ באַ דעם צעגליטן פייער.
געבענטשט זאָל זיין דער וואַנדערער אין וועג,
וואָס האָט פון אונזערט וועגן אָנגעצונדן פייער.

פון הינטער אונז די גרויסע שרייענדיקע שטאָט —
אַ מאָנסטער אַ צעגליטער, אַ צערייצטער.
מיט פונקען גליט זיין שווערער טראָט
און וואָס ער זעט מיט פייערן פאַרפלייצט ער.

און מיר, אָט דאָ, וואָס זיינען קויל צעברענט
פון זיין צעגליטן פייער.
מיר וועלן דאָך מיט מויל און מידע הענט
צעבלאָזן דאָ דאָס פייער.

האָט טיטום אונזער הייליק הויז פאַרברענט
אין פלאַמנדיקן פייער.
נו, האָבן מיר דאָך אונזער גאָט דערקענט
דורך אָט דעם זעלבן פייער.

ז. ווײַנפּער

און ער, וואָס האָט אויף אונזער שווערן וועג
דאָס פֿײַער אָנגעצונדן,
איז דאָך פֿון ברייטן וועג
אינגאַנצן ניט פֿאַרשוואונדן.

אָט דאָ ניט ווײַט אין טיפֿן וואַלד
געבויגן זוכט ער דאַרע שפּענער,
און דורך דער נאַכט אָט באַלד, אָט באַלד, —
אַ קייט פֿון רויטע פֿײַערדיקע פּענער.

## אָט זיינען זיי

זיי זיינען דאָ!
זיי זיינען דאָ!
אַ פלאַמענדיקע גייט איצט אויף די שעה.
פון הינטן ברענען אַלע בריקן
און זייערע בליקן
צושיקן,
שיקן,
שיקן
די בשורה פון אַזויפיל צוגעזאָגטע גליקן.

אָט זיינען זיי!
אָט זיינען זיי!
פאָראויס אַ יובלדיק געשריי
און הינטער זיי — אַ קנוילנדיקער רויך
אַ כוואַליענדיקער שטויב
טוט אַלע ווייל זיך אַזאַ הויב
אַרויף,
אַרויף,
אַז וואָלקנס מישן זיך מיט אים צונויף.

ז. װײַנפּער

אָט זײַנען זײ!
אָט זײַנען זײ!
אין טראַנטעס אַלערלײ.
פֿון זײערע געזיכטער —
עלעקטריש־בײטשנדיקע ליכטער
צעלײכטן זיך אויף װײַטע־װײַטן;
שטײט עמיץ אויף מיט זײ צו שטרײַטן,
װערט ער אין זײער ליכט געפֿאַנגען,
װערט ער אין זײער ליכט צוגאַנגען.

זײ זײַנען דאָ!
זײ זײַנען דאָ!
אַ פֿלאַמענדיקע גײט איצט אויף די שעה
און װאָס געװען איז מער נישטאָ,
און פֿון די װײַטע־װײַטן
קומט אָן אַ נײער גאָט דעם אַלטן צו פֿאַרבײַטן.

## לעגין

אַ גרויסע פרייד,
וואָס דו ביסט דאָ געווען.
אַ גרויסער צער,
וואָס דו ביסט מער נישטאָ.

און צו דיין רויט-געבעטן ארון
ציען זיך די מענטשן
אין פאַרבנדיקן טראַכט געקליידט,
ווי קאַלירנדיקע סטענגעס.

דער פויער אויפ׳ן פעלד,
פאַרגליווערט שטייט איצט ביי זיין אַקער.
עס שווייגט אויך די מאַשין
אין דער האַנט פון דעם מעכאַניקער

און צווישן זיי
אַ שווייגנדיקער
שטיי איך אויך.
איך — אַ דינער פון דער קונסט.

ז. וויינפּער

קונסט —
קאָלירנדיקע שפּילצייג
פון געפּיילטע ווערטער.
שוועבנדיקע לופט־באַלאָנען
פון טענער און פון קלאַנגען.
מענטשעלאַך און צאַצקעס.
פון שטיין און מאַרמאָר.
וואָס זיינען זיי
אַקעגן יענעם גרויסן וואונדער:—
ל ע נ י ן.

# גאָט׳ס צאָרן איז אַנטשוויגן

אַ דרימלדיקער גאָט
האָט אויפגעוואַכט מיט צאָרן.
די לעדער־פּאַסן אויף דער ראָד —
פאַרגליווערטע געוואָרן.
און קיל געוואָרן איז דער דראָט,
וואָס טרייבט די שטאָט־מאָטאָרן.

אַ פייערדיקער בליץ
אַ בלענד געטאָן האָט פאַר די אויגן.
די לופט איז שווער געווען מיט היץ,
ווי לאַוועס וואָלטן זיך אַהער געצויגן.
און מענטשן מיט עקשנות׳דיקן ציין־געקריץ
און פלאַמנדיקע אויגן.

דער אומרו האָט זיך ווילד צעשפּאַנט
אויף גאַסן און אויף סקווערן.
אָן יעדער האַרטער וואַנט
אַ נביא האָט געקלאַפּט זיין שטערן.
געוואָלט האָט גאָט דאָן מיט זיין האַנט
די וועלט צעשטערן.

ז. וויינפער

צוקנוילט זיך האָבן מענטשן אין אַ רויך
געקלונגען האָבן מעסערס און געקלונגען.
און פּלוצלונג האָט זיך אין דער הויך
אַ קול, אַ גלעטנדיקס צוזונגען.
און באַלד נאָכדעם אי ברייט, אי הויך
האָט זיך אַ גלאָק צעקלונגען.

קלינג-קלאַנג! קלינג-קלאַנג!
ניט אויפגעהערט האָט זיך צו וויגן;
צעמישט זיך האָט דער קלאַנג
מיט שטילן, זינגנדיקן נגון.
און אין דעם וויגנדיקן קלאַנג
גאָט'ס צאָרן איז אַנטשוויגן.

# אין אַ נעץ פון ליכטיקייט

אינמיטן טאָג. אינמיטן שטאָט־גערויש
האָט פּלוצלונג זיך אַ גלאָק צעקלונגען.
אינמיטן טאָג. אינמיטן שטאָט־גערויש
האָט אין די הערצער טיף אַריינגעדרונגען
דער קלאַנג, וואָס האָט זיך אין דער לופט צעקלונגען.

די הויכע שטיינער־הייזער זיינען אין דער הויך
נאָך אויסגעוואָקסן העכער, העכער.
און מענטשן — איינגעשמירט אין ליים, און רויך —
אַ שאָט געטאָן זיך האָבן פון די קעלערם און די לעכער
און אָנגעפילט די גאַסן, פענסטער און די דעכער.

טראַמווייען, אויטאָס האָבן זיך געשטעלט
און ניט געקאָנט פאַר זיך אַ וועג דורכשלאָגן —
פאַרוואַנדלט האָט די שטאָט זיך אין אַ פעלד,
וואו פערד־טאַבונען האָבן זיך צעטראָגן
און ווילן איינער זיך דעם צווייטן איבעריאָגן.

דערנאָך האָט זיך די זון מיט גרויס גענאָד
צעשיינט אויף שטיינער און אויף שויבן
און איבער אַלעמען האָסטו זיך, ווי אַ גאָט
אַ שיינענדער, אַ בלענדנדער אַרויפגעהויבן
און נייע וועלטן בויען אָנגעהויבן.

ז. ווייַנפער

אינמיטן טאָג. אינמיטן שטאָט-גערויש
האָט פּלוצלונג זיך אַ גלאָק צעקלונגען
אינמיטן טאָג. אינמיטן שטאָט-גערויש
האָט אַלץ אַרום זיך ברייט צעזונגען
צום קלאַנג, וואָס האָט זיך אין דער לופט צעקלונגען.

און אויף אַ טורעם באַ דער קייט,
האָסטו דעם גרויסן גלאָק געצויגן —
און אַזאַ זינגנדיקע פרייד
געשיינט, געבלענדט האָט דאַן אין דיינע אויגן
און אין אַ נעץ פון ליכטיקייט האָסטו אונז אַלעמען פאַרצויגן.

# קלינג־קלאַנג!

קלינג־קלאַנג!
קלינג־קלאַנג!
ווער האָט אַ ריר געטאָן דעם שווייגנדיקן גלאָק?
פון יעדן קעלער און פון יעדן ראָג
באַווייזן זיך די קאַליעקעס און שלעפּער
און פון די ענגע איינגעשמוצטע שעפּער
און רויכיקע פאַבריקן
געדיכטע מענטש־כוואַליעס נעמען דריקן זיך און דריקן.
אַ כוואַליע נאָך אַ כוואַליע.
אַ כוואַליע אין אַ כוואַליע.
אָט ווערט פון אַלע כוואַליעס איינע —
צום אָנהויב וואַקלט זי זיך, ווי אַ זקנה,
וואָס שלעפּט זיך קוים אָן אָנגעשפּאַרטע אויף אַ שטעקן
און באַלד צעגיסט זי זיך אויף ברייטע שטרעקן.
און אַלע איינגעשמירט אין ליים און רויך.
און אַלע בליקן צו דער הויך.
הענט קאָנוואולסנדיק געצויגן
און ליכט באַ יעדן אין די אויגן
און אַזאַ תּפֿלה׳דיקער דראַנג
צום וויגנדיקן, הילכנדיקן קלאַנג —
קלינג־קלאַנג!
קלינג־קלאַנג!

ז. וויינפער

# האָט שוין אַ שלאָג געטאָן די שעה?

האָט שוין די שעה
געטאָן אַ שלאָג,
און דו ביסט דאָ
מיט מאָס און וואָג?

אויף באַרג און טאָל
מיט שנעלע טריט —
איז דאָס דיין קול?
איז דאָס דיין ליד?

און אין דער לופט
צעשטראַלט, צעשיינט —
ווער זינגט און רופט:
דער טאָג איז היינט!

דו האָסט פאַרשפּרייט
אויף אונז דיין האַנט —
די ווייסע פרייד
האָט זיך צושפּאַנט.

אויף וועג און שליאַך,
אויף שטאָט און לאַנד,
איז אויף דער וואַך
אַצינד דיין האַנט.

אויף וועג און שטעג
זאָגט אָן דער גלאָק —
פון אַלע טעג
איז היינט דער טאָג!

ז. וויינפער

# די לעצטע שעה

אר־וואַ! אר־וואַ!
די לעצטע שעה —
עס שרייט אַ קראָ
קראַ־קראַ! קראַ־קראַ!

די לעצטע שעה —
זייט שטיל, זייט שאַ!
אַ שפּיל אַזאַ —
געווען. נישטאָ!

געווען? נישטאָ?
די טיר פאַרמאַך!
סיי דאָרט, סיי דאָ,
די זעלבע זאַך.
די לעצטע שעה
איז אויף דער וואַך!

## דער האַמער און דער סערפּ

דער האַמער בליצט און שווינגט,
דאָס אייזן רויט צעגליט.
מיט שטילע, לייכטע טריט
קומט אָן מיין פרייד און זינגט
אַ נײַ און מוטיק ליד.

אַ ליכטיקייט אויף אַלץ
און אַלעמען צעשפּרייט.
די זון גייט אויף, פאַרגייט
און ברויט און ווײַן און זאַלץ
פֿאַר אַלעמען פאַרגרייט.

דער האַמער שווינגט און בליצט
אַראָפּ אַרויף אין האַנט פון שמיד.
דאָס אייזן רויט צעגליט,
מיט רויטע פונקען שפּריצט
צום טאַקט פון נײַעם ליד.

ז. וויינפער

אין פייער רויט צעגליט
די ביקס, די שפיז, די שווערד.
די ריטערלאַכע פערד
מיט שווערע האַרטע טריט
צעאַקערן די ערד.

דער ריטער האָט זיין שווערד
און אויסגעמאָלטן הערב
פאַרביטן אויף אַ סערפּ.
מיט פרוכטן פון דער ערד
פאַרפולטע אַלע קערב

דער האַמער און דער סערפּ,
קלינג-קלאַנג! קלינג-קלאַנג! קלינג-קלאַנג!
מיט הילכיקן געזאַנג
אַרום די פולע קערב.
קלינג-קלאַנג! קלינג-קלאַנג! קלינג-קלאַנג!

ביסט הונגעריק, קום עס.
דו האָסט דאָך עס פאַרזייט.
גיי אויף, מיין גרויסע פרייד,
און זינג צום גרויסן נס,
וואָס איבער אונז געשייט.

## די אונטערטאַנען, נעבעך!

דעם אַלטן, קלוגן קעניק
נמאס איז געוואָרן
צו זיצן אויף דער טראָגשטול
אַזוי פיל יאָרן.

די טראָגשטול איז פון סאַמעט
און אַ ווייכגעבעטע,
דאָך האָט דער דאָקטאָר אים פאַרשריבן
צוליב דעם זיצן, אַ דיעטע.

אין טראָגשטול אייביק זיצן —
ער ווינשט עס זיינע שונאים!
אַ קרוין, אַ טראָן, אַ סצעפּטער —
וואָס האָט עס פאַר אַ פּנים?

האָט דער קלוגער קעניק
טראָן און קרוין פאַרלאָזן
און אין גלות, ווי אַ בעטלער
זיך אַוועקגעלאָזן.

2.

אַ ליידיקער דער פּאַלאַץ,
עס פּוסטעוועט דער טראָן.
איז וואָס-זשע זאָלן נעבעך
די אונטערטאַנען טאָן?

ז. וויינפער

וואָס מיינט דען פאַר אַן אונטערטאַן
דאָס לעבן אָן אַ קעניק?
דער טאַטע האָט דאָך אָנגעזאָגט:
— זיי גוט און פרום און אונטערטעניק!

נו, גוט און פרום איז גוט און פרום,
אָבער אונטערטעניק?
דערצו מוז יעדער אונטערטאַן
האָבן דאָך אַ קעניק.

דער אַלטער, קראַנקער קעניק
איז אַוועק פון דאַנען,
זיפצן אין דער שטיל פאַר זיך
די גוטע אונטערטאַנען:

— צו וואָס, צו וואָס, מעשטיינסגעזאָגט,
האָבן מיר געהיט דאָס לעבן?
אַז נישטאָ איז איצט פאַר וועמען
דאָס אַוועקצוגעבן.

וואָס-זשע זאָלן אונטערטאַנען
מיט'ן בידנע לעבן טאָן?
אַז אַ ליידיקער דער פּאַלאַץ,
אַז עס פוסטעוועט דער טראָן.

זאָלן זיי זיך מיט'ן לעבן
אָט אַזוי זיך פּלאָגן,
ביז זיי וועלן אויף די פּלייצעס
צו דעם קבר עס דערטראָגן.

.3

און אַז קיין קעניק איז נישטאָ
איז אויך קיין פּרינץ דאָך ניט פאַראַנען.
פון וועמען וועלן חלומ'ען
טעכטערלאַך פון אונטערטאַנען?

אַמאָל איז דאָך געווען אַ פּרינץ,
פלעגט ער אויף אַ פערדל רייטן —
שפּאָרן אויף די קנאַפּל,
שווערדלאַך ביי די זייטן.

אַ טוניק און אַ מיצעלע
און בונטע די קאָלירן.
פלעגט דער פּרינץ אַמאָל, אַמאָל
אַ טעכטערל פאַרפירן.

קלאָגן זיך די טעכטערלאַך,
באַגיסן זיך מיט טרערן —
ניט באַשערט זיי פון אַ פּרינץ
פאַרפירט צו ווערן.

.4

און אַז קיין קעניק איז נישטאָ
איז קיין פּרינצעסין אויך שוין ניט פאַראַנען.
פאַר וועמען וועלן דועלירן
זינדעלאַך פון אונטערטאַנען?

אַן אונטערטאַנ׳ס אַ זינדעלע
אויף אַ פלינקן פערדל,
אַ קנעפּל אויפ׳ן מיצעלע
און אויף דער זייט אַ שווערדל.

פאַר דער פּרינצעסין גרייט איז ער
דורך קעלטן און דורך היצן —
אַן אונטערטאַנ׳ס אַ זינדעלע
איז דער פּרינצעסין צו באַשיצן.

און אַז עס זיינען קיין פּרינצעסינם
מער שוין ניט פאַראַנען,
וואָס-זשע וועלן טאָן
זינדעלאַך פון אונטערטאַנען?

זאָלן זיי זיך מיט׳ן לעבן
אָט אַזוי זיך פּלאָגן
ביז זיי וועלן אויף די פּלייצעס
צו דעם קבר עס דערטראָגן.

## מיט גליק!

די אויגן ברייט-צעעפנטע פון ווילדן שרעק,
ניט וואַרפנדיק אַהינטער זיך קיין לעצטן בליק,
פֿאַרלאָזן זיי די שיף, זיך וואַרפנדיק פון דעק.

אַ כוואַליע הויבט זיך אין דער הויך אַרויף
און פאַלנדיק אַ שוימיקע אַרונטער אויף צוריק
מישט זי די אַנגעקומענע מיט זיך צונויף.

און מיר פֿאַרבליבענע דאָ אויפ׳ן דעק —
די ציין פֿאַרקריצט עקשנות׳דיק
דורך שווערע נעכט און טעג.

די שיף זיך שאָקלענדיק און וואַרפנדיק
שניידט דאָך זיך צווישן כוואַליעס אויס איר וועג.
דער בייזסטער ווינט קאָן זי ניט אומקערן צוריק.

און איז דער ים אַ שטורמיקער אַצינד,
איז אַלץ אין אונז עקשנות׳דיק געגרייט
צום קאַמף מיט כוואַליעס און מיט ווינט.

אין שווערן שטורעמדיקן וועג —
אַ שיינענדיקע ווינקט צו אונז די פרייד
און רופט אונז צו איר ברעג.

— העי, איר, וואָס זיינט באַ יעדע בהמה־שטאַל,
ווי הינט געווען געקייט —
צי שרעקט אייך איצט אַ שטורעמדיקער וואַל?

— העי, איר, וואָס האָט צעריסן יעדע צאַם
און יעדע בריק אַהינטער זיך פאַרברענט —
צי שרעקט איר זיך פאַר שטרעמס אויפ'ן ים?

ניט ווייט פון דאַנען איז דער לאַנג־געגאַרטער ברעג.
עס האָט אַ פייער דאָרט זיך רויט צעברענט
און וואַרפט אַ שטראַל אויף אונזער וועג.

עס קאָן דער שטורעמדיקסטער וואַל
פון דעם צעווילדעווען שרייענדיקן ים
ניט אויסלעשן דעם שיינענדיקן שטראַל.

און וועט די שטאָל־געשמידטע שיף
דערפירן אונז צו יענעם ברעג?
צי זינקן דאָ אונז אין דער טיף.

ג אָ ל ד א ו ן ג ר י ז

מיר בליקן אויפ'ן דעק!
איז דאָך דער אומגליק און דאָס גליק
מיט אונז צוזאַמען אויפ'ן וועג.

און זיי אין ים, וואו אין דער טיף —
מיר פאָכען מיט די הענט צו זיי: — מיט גליק!
עס וועט אָן אייך א לייכטערע באַוועגן זיך די שיף.

# און דינען דיר

קאָלירטע לעמפלאַך האָבן זיך געוויגט
און וויגנדיק דיין ברעג באַוואַכט.
און איבער זיי אַ שווייגנדע
האָט זיך געבלויט די נאַכט.

און דו, דער ריז דער אויסגעמאַטערטער,
האָסט שטום זיך אין דער נאַכט אַריין געבלייכט
און ניט געהערט, ווי אונזער שיף
האָט סאָפּענדיק דעם ברעג דערגרייכט.

און אינדערפרי, ווען אויף דיין ערד
האָט זיך געשטעלט מיין טראָט,
האָט איבער מיר דיין האַנט זיך אויסגעשפּרייט
מיט רחמים און גענאָד.

מיין קאַסטן האָב איך אויף דער ערד געשטעלט,
מיט ציטערניש דאָס דעקל אויפגעמאַכט
און אַלץ, וואָס דאָרט איז נאָר געווען,
האָב איך אַ קרבן שטילערהייט צו דיר געבראַכט.

דעם שבת־קודש און דעם יום־טוב
געהילט אין סאַמעט און אין זייד,
די טעג און נעכט געהייליקטע
פון גרויער אַלטער צייט.

די תפילין און דאָס תפילין־זעקל,
דעם טלית און דעם רייזן־טאַש.
געזען האָב איך, ווי אַלץ און אַלץ
פאַרוואַנדלט זיך אַש.

געזאָגט האָב איך צו דיר אַזוי: —
אָט זע, דאָס האָב איך אָנגעזאַמלט דורך אַזוי פיל טעג
און איצטער האָב איך ברייט מיין קאַסטן אויפגעעפנט
און גיב דיר אַלץ אַוועק.

און דינען דיר, האָב איך אַ פריידיקער
אַ צי געטאָן צו דיר די הענט
און צווישן די קאָלירטע לעמפלאַך
האָט נאָך אַ לעמפל זיך צוברענט.

און שטענדיק בענטש איך דאָך דעם אויסבייט —
עס הענגט דיין האַנט אריבער מיר ניט שווער —
דאָס גראַשנדיקע קרעמל פון אַמאָל
האָב איך פאַרביטן אויף אַ נאָדל און אַ שער.

ז. וויינפער

און ליב איז מיר די שניידנדיקע שער,
מיין נאָדל נייט און נייט
און נייענדיק און שניידנדיק
גייט אויף אין מיר אַ ליד פון גרויסער פרייד.

אין גאַסן טומל און אין בראַזגעריי,
אין מענטשלאַכן געלויף און דראַנג,
האָב איך צו דיר מיין ליד געשיקט,
האָט זיך עס אויסגעמישט אין דיין געזאַנג.

און דו, פון אייזן אויסגעשמידטער,
שטאָל-געגאָסענער און שטיין-געהאַקטער כוח,
דו שפּאַנסט אויף בריקן און פאַבריקן
און קנוילסט זיך אינ׳ם קוימען-רויך.

כאַפּסט אויף דעם ווידער-קלאַנג פון רוישיקן מאַשין,
פאַרנעמטס דאָס ליד פון האַמער-קלאַפּ אין האַנט פון שמיד
און אינ׳ם אַלגעמיינעם כאָר-געזאַנג
פאַרנעמסטו אויך די טענער פון מיין ליד.

יאָ, יאָ, איך וויים, אַז דו פאַרנעמסט
און ווען דיין האַנט צעעפנט זיך פאַרגעסטו ניט אָן מיר.
עס וויגן זיך קאָלירטע לעמפּלאַך אום
און צווישן זיי אַ לעמפל אויך מיט מיין קאָליר.

און ווען דיין גרויסער מאַרמאָר־טעמפּל
איז אָנגעפּילט מיט לאָמפּן־שיין,
גיי איך מיט אַלעמען צוגלייך
אין אים אַריין.

די טירן פון דיין טעמפּל
צעעפנט זיינען ברייט
און בײַ דיין טיש מיט אַלדעם גוטס געדעקט
איז אויך פאַר מיר אַ שטול געגרייט.

ז. וויינפער

# ניו יאָרק

ניט קיין גראַנד־דאַמע וועמעס שלעפּ פון קלייד
עס צערטלט זיך אויף טעפּיכער פון אָריענט
ביזטו פאַר מיר, ניו יאָרק.
און רוט אַמאָל אויף מיר דיין בליק
איז ער ניט דורך קיין גאָלדענעם לאָרנעט,
וואָס שפּילט זיך אום אין לאַנגע, דינע הענט
מיט פינגער אויסגעשניצט און מאַנוקירט.
און איך —
אַליין אַ טאָן אין דיין צעווילדעטן גערויש,
און אָפטמאָל דיין פּאָעט,
בין אויך, ווי דו, קיין אויסגעשניצטער ניט
און ניט פּאָלירט.
און כאָטש עס וויגט זיך שווער
דאָס רוישן פון דיין אויבער און דיין אונטערבאַן,
האָב איך דיך ליב אַזוי, ניו יאָרק,
ווי ליב איך האָב דעם כוואַליעדיקן ים,
וואָס וויגט זיך אום מיט כוחות פון אַ ריז
און קינדיש שפּילנדן קאַפּריז.

## זונשיין

איבער די גאַסן האָט פּלוצלונג די זון צעגליט
אין גאָלדיקן, רויטן קאָליר.
דרינגט דער קאָליר אַזאַ רויטער אין מיר.
זינגען אין לופטן איצט אַלעמענס טריט,
זינגט אויך מיין האַרץ איצט אין מיר.

וועבט זיך אַ קראַנץ פון קאָליריקע קעפּ,
איך צווישן זיי אין דערמיט.
איך גיי און איך הער דאָס געזאַנג פון די טריט.
אויף סאַמעט־געבעטע און מאַרמאָרנע טרעפּ
גייט אויף אַ לויטערס מיין ליד.

קומט אַן אין גליענדן גאָלד אַן עקספּרעס
און גלייך הינטער אים — אַן אָטאָמאָביל —
אַ קלינגיק־קאָליריקער שפּיל!
צעזינגט זיך צו מיר, ווי אַ גאָלדענער נס
מיין ליד אין דער שטיל.

ז. וויינפּער

עס האָט אַ מכשף פון ערגיץ אַ לאַנד
מיט אונז זיך אַ שפּאַס טאָן געוואָלט
און האָט מיט קאָליריקן גאָלד דאָ באַמאָלט
אַ שפּיץ פון אַ הויז, אַ שטיין פון אַ וואַנט,
אַ פענצטער צעגילט זיך און זוניקן גאָלד.

טוט זיך אַ קינדערשע מחנה אַ יאָג —
אַ באָל טוט אַ ציטער באַ מיינע טריט,
די זון האָט נאָך רויִטער מיט גאָלד זיך צעגליט.
אָ טו מיך אַ נעם און פאַרטראָג מיך, פאַרטראָג,
מיין שיינענדיק, זינגענדיק ליד.

# זונטיק־פאַרנאַכט

זונטיק פאַרנאַכט —
אַלע קראָמען אויף דער גאַס פאַרמאַכט.
שיינט דערפאַר אַן אַנגעזעעניער
דאָ און דאָרט אַ רעסטאָראַן
און ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג
גרייכט צו מיר דאָס רוישן פון דער אונטערבאַן,
וואָס לייזט זיך אויף אין דעם געהילך פון לויפנדיקן על.
נאָר די מענטשן גייען היינט ניט אַזוי שנעל,
ווי אין די מיטוואָכנדיקע טעג.
נו גיי איך אויך זיך ניט געאײַלט
אויפ'ן טראָטואַר מײַן וועג
און האָב אפילו צייט
דאָ און דאָרט צו בלייבן שטיין,
און קוקן אויף דעם זונפאַרגאַנג,
וואָס האָט זיך דורך די שווערע אײַזן־שטאַנגען
אין ראָזעווען צעגליט,
און האָב אפילו צייט
צו פּלאַפּלען שטיל מיט זיך אַליין

ז. וווינפער

פון וואונדער-שיינעם זון-פאַרגאַנג,
וואָס גוסס'ט ערגיץ איצטער אוים
אַזוי אומעטיק און באַנג,
אַזוי אומעטיק און באַנג,
דערפאַר, וואָס קיינער אויף דער גאַס אָט דאָ
זעט אים ניט,
באַמערקט אים ניט.

# אָ, ווײ, האָ!

די בענק אין סאָבווײ -- לײדיקע און לאַנגע.
אַ כראָפּנדיקער נעגער און איך, — די פּאַסאַזשירן.
פײערדיקע אויגן בליצן דורך די שויבן
און ער, דעם קאָפּ אַרויפגעהויבן,
שנאָרכעט אונטער.

די ברײטע ליפּן אויפגעמאַכטע,
ווי ברוינע ציטערדיקע בלעטער,
און צווישן זײ זײן צונג —
אַ רויטער פּאָמאַדאָר.
ציטערן צווײ ברוינע בלעטער
אַרום אַ רויטן פּאָמאַדאָר.

די בענק אין סאָבווײ — לײדיקע און לאַנגע
און איך, אַן אויסגעמאַטערטער,
פאַרשפּיל זיך מיט׳ן ליד פון לויפנדיקע רעדער —
כלאָ-כלאָ-האָ! אָ, ווײ, האָ! —
אַ וועלט פון ברוינע בלעטער
און רויטע פּאָמאַדאָרן.
און טאַנצנדיקע נעגערם
צעזינגען זיך אין כאָרן —
כלאָ-כלאָ-האָ! אָ, ווײ, האָ!

ז. ווייספער

## סתם אַזוי זיך

פייערדיקע אויגן בליצן דורך די סאָבוויי־שויבן,
דאָך ציט זיך לאַנגווייליק פאַר מיר דער וועג.
צום הודנדיקן, ברויזנדיקן ליד
פון רעדער־רויש
זינגט מיין בלוט אצינד ניט מיט.
ווי עמיץ וואָלט מיט בוימל אויף מיין בלוט אַ גאָס געטאָן,
שלאָפט עס פויל און שלעפעריק בײַ מיר אין לייב
און זינגט ניט מיט.
אַרום מיר,
אַנטקעגן מיר —
אויגן,
נעזער,
ליפּן
גלאַט אַזוי זיך,
סתם אַזוי זיך —
הויב איך מיינע אויגן איבער זיי צו די אַנאָנסן —
אַ יונגערמאַן מיט שווארצע וואָנסן
וויל, איך זאָל זיך שמירן מיט פּאָמאַדע,

## ג אָ ל ד  א ו ן  ג ר י ז

אַ מיידל רייצט מיך מיט אַ שטיקל שאָקאָלאַדע.
און אַז מיין האַרץ זאָל מיר ניט קלעמען
דאַרף איך בלויז אַ פּיל אַזאַ־אָ —°— נעמען.
און וויל איך גאָר אַ הויז, — עס זאָל באַם האָדסאָן ליגן,
קאָן איך אויך עס פּאַר אַביסל קליין־געלט קריגן.

פייערדיקע אויגן בליצן דורך די סאָבוויי־שויבן,
און אין אַ ווייכן וויג־שטול אין מיין הויז
וויג איך זיך צום ריטעם פון אַ ליד,
וואָס טראָגט זיך פונ׳ם האָדסאָן.

ז. װײַנפּער

## גאַס איין, גאַס אויס

גאַס איין, גאַס אויס
גאַס איין, גאַס אויס
וואָס טרייב איך זיך דורך גאַסן אום?
דאָ און דאָרט אַ פֿענצטער ציטעריק און שטום
וואַרפֿט אַ מאַטע שיין.
וואָס זאָל עס זיין?

אַ קינד האָט פֿון׳ם שלאָף די אויגלאָך אויפֿגעמאַכט
און איצטער וועט אַ גאַנצע נאַכט
אַ מידע מאַמע, זינגנדיק,
דאָס קינד פֿאַרשלעפֿערן צוריק.

אַ נערוועזער פּאָעט
מיט קרייזלדיקע האָר? —
האָט אומרואיק זיך וואו אַ הויב געטאָן פֿון בעט
און איצטער שרייבט ער דאָרט אַ ליד
פֿון מיינע איינזאַם־שטילע טריט,
וואָס קלינגען בײַ זיין פֿענסטער אָפּ.

גאַס איין, גאַס אויס
גאַס איין, גאַס אויס
עס איז דער אומרו פונ׳ם קינד אין וויג,
און פונ׳ם נערוועזן פּאָעט
וואָס טרייבן מיך דורך די גאַסן אום

און דו, מיין שטורמיקער פּאָעט,
וואָס האָסט אינמיטן נאַכט פאַרלאָזט דיין בעט —
צי הערסטו כאָטש דורך מיינע טריט
דעם אומרו פונ׳ם קינד אין וויג?

גאַס איין, גאַס אויס.
גאַס איין, גאַס אויס.
דורך אַן אָפן פענצטער, אויף די הענט
דעם שווערן בוזעם אָנגעלענט
קוקט שטום אַ יונגע פרוי אין גאַס אַרויס
פאַר מיר?
פאַר דיר?
צי פאַר איר מאַן, וואָס איז גאַנץ פרי אַוועק פון הויז?

אַן אויסגעליינטע צייטונג לעבן מיינע טריט
טוט אומרואיק זיך פון דער ערד אַ הויב
און ווי די פליגל פון אַ טויב
צעבלאָזט זי זיך און ווערט באַלד ניט.

# אַמאָל און אַמאָל

אַמאָל און אַמאָל און אַמאָל האָט
אַזוינס און אַזוינס זיך געטראָפן.
איצט שפּאַנט דער אַמאָל בײַ מײַן פענצטער
און לאָזט מיך ניט ווערן אַנטשלאָפן.

אַ פאַרכטיקע שטילקייט אין דרויסן,
די נאַכט קוקט אַרײַן דורך די שויבן,
אַזוי קוקט אַ יעגער, וואָס קלייבט זיך
אַ צאַפּלענדיק לעבן צו רויבן.

אַ פאַרכטיקע שטילקייט אין דרויסן —
מײַן האַרץ נעמט זיך פּלוצלונג צושרייען.
דער זוכנדער, קריכנדער יעגער
האַלט איצט זיך אינמיטן פאַרטייען.

און איך אויף מײַן ווייכן געלעגער —
מיט ווייטע, מיט אָפענע אויגן —
אַמאָל זײַנען מחנות מיט פייגל
צוזאַמען געפלויגן, געפלויגן.

און פּלוצלונג האָט איינער פון זיי זיך
אָן עפּעס צובראָכן אַ פליגל,
איצט צאַפּלט ער זיך בײַ מײַן פענצטער
און וויינט, ווי אַ קינד אַ פאַרלאָזנס אין וויגל.

אַמאָל און אַמאָל און אַמאָל האָט
אַזוינס און אַזוינס זיך געטראָפֿן,
איצט שפּאַנט דער אַמאָל באַ מיין פֿענצטער
און לאָזט מיך ניט ווערן אַנטשלאָפֿן.

אַמאָל האָט אַ הונט, אַ קודלאַטער
געהאַט וואו אַ האָר אַ געטרייען,
איצט גנב'עט ער ביינער פון יאַטקעס
און שווער איז אים זיי צוקייען.

אַמאָל האָט אַ בוהיי אַ יונגער
זיין אייגענעם שאָטן געפֿאָכטן,
איצט ליגט ער אַ גוסס אין בוינע,
פון עמיצנס חלף דער'שחט'ן.

אַמאָל און אַמאָל און אַמאָל האָט
אַזוינס און אַזוינס זיך געטראָפֿן,
איצט שפּאַנט דער אַמאָל באַ מיין פענצטער
און לאָזט מיך ניט ווערן אַנטשלאָפֿן.

איך הויב אויף מיין קאָפּ פונ'ם קישן
און שטרענג אָן מיין בליק צו די שויבן —
עס קאָן מיך דער זוכנדער יעגער
מער גאָרנישט, מער גאָרנישט באַרויבן.

# אַ שנייאיקער פרימאָרגן

גאָט פירט מיט ליבע און מיט רחמים אונדזער וועלט.
אין שטאָט האָט דורך דער גאַנצער נאַכט געשנייט, געשנייט
און איצטער זינגט אַ ליד אין לופטן אום די פרייד —
דאָס גרויקייט פון דער וועלט האָט זיך צוהעלט, צוהעלט!

און אין איר שנייאיק-בלענדנדיקן קלייד
ליגט שמייכלענדיק די שטאָט און קווועלט —
גאָט האָט מיט ליבע און מיט רחמים אויף דער וועלט
אַ ווײַ געטאָן מיט שנייאיק-בלענדנדיקער פרייד.

פון ערגעץ שלעפּט אַ קלינגענדיקער אָן זיך אַ טראַמוויי —
אַ קלונג, אַ ריר. אַ קלונג, אַ ריר. און ווידער זיך געשטעלט.
אַ שטימע ציטערט אויף אין דער לופטן און באַפעלט.

און מיט אַ זינגעדיקן, פרייליכן געמיט
צעזינגען זיך די רידלען און די לאָמען אין אַ ליד
און פון דער הויך צעשיט אַ שניי זיך פון דאָס ניי.

## שניי-קערער

אַ ווייסע, אויסגעקעמטע באָרד,
נאָך ווייסער איז שניי אויף דר׳ערד.
אַ לאָם צעקלאַפּט, אַ בעזים קערט
און בערגלאַך וואַקסן דאָ און דאָרט.

עס פאָרן אָן צוויי ברוינע פערד
און ווערן צוגעשמידט צום אָרט.
די בערגלאַך שניי פון דאָ און דאָרט —
ווער האָט זיי אַזוי גיך פאַרצערט?

דו, „מאָזעס“, ביסט אַ בראַווער מאַן, —
צעשמייכלט זיך דער הויכער זשאַן.
„איך ווער“, שטימט אויך „מאַרקאָני“ צו.

די זון פאַרגייט און איבער זיי,
מיט רחבות און מיט שטילער רו,
צעשיט זיך אויף דאָס ניי אַ שניי.

ז. ווײנפּער

# אַ גוטע נאַכט

אַ גוטע נאַכט דיר, מאַזעס, און אַ גוטע נאַכט דיר, זשאַן.
מאַרקאַני ווינטשט אויך אַלעמען אַ גוטע נאַכט.
זײ אַלע האָבן היינט צו פינפערלאַך געמאַכט.
עס איז אַ גרויסער גאַט אין הימל נאָך פאַראַן.

אַ גוטע נאַכט. עס גייט רב משה זיך אַהיים פאַרטראַכט
און פייפנדיק לאָזט צו דער סאַבוויי זיך אַרונטער זשאַן.
מאַרקאַני לאָזט זיך אויך אַהיים מיט דריבנע שפאַן
און הינטער זײ רוקט אומבאַמערקט זיך אָן די נאַכט.

עס איז אַ גוטער גאָט אין הימל נאָך פאַראַן
און ניט קיין שלעכטער גוי איז אָט דער הויכער זשאַן.
„איך וועט", וויגט אום זיך אין דער לופט מאַרקאַנים וואָרט.

רב משה גייט, זיך גלעטנדיק די ווייסע באָרד
און איבער אים — דער שניי פאַלט ווייך צו דר'ערד —
עס איז אויף מאָרגן נאָך אַ פינפערל פאַר אים באַשערט.

# אין דר'היים

רב משה'ן געגנט אָן זיין גוטע, אַלטע חיה.
זי העלפט אים אָפּשפּיליען די וואַטעוועגע פּאַלטע.
— עך, עך, איז דאָס געווען אַ וואוילע אַרבעט, אַלטע,
די זון, די פרישע לופט, עך, הערסטו, סאַ מחיה.

פון רויטן שאַפקעלע — די טירלאַך אויפגעפּראַלטע,
די קעלישאָקלאַך, ווי די שלאָפנדיקע פייגל אין אַ רייע
און צווישן זיי די פלאַש — דער עלטסטער אין דער סטייע —
עס שטרעקט די דאַרע הענט צו איר די אַלטע.

רב משה כאַפּט אריין אַ מעריב אין אַ ווינקל
און אויפ'ן טיש צעקלינגען זיך די שיסל און די טעלער,
די זשוזשענדיקע גאַז צעברענט זיך איצטער העלער.

און אין אַ גלעזל טוט דער רויטער שנאַפּס זיך אַ צעפינקל.
עס זעצן זיך צום טיש רב משה און זיין אַלטע חיה —
דאָס ביסל שנאַפּס איז שטאַרק, די יויך איז אַ מחיה.

## פייערדיקע פייגל

אַ סטייע גרויסע, פייערדיקע פייגל
אויף אַ שפּיציק־הויכן מויער —
אַ דאַמע וואַרפט אַ שעלמיש אייגל
פון אַ ברייט־צעפּראַלטן טויער.
העי, גרויסע, פייערדיקע פייגל,
וואַכנדיק איז היינט מיין טרויער!

די פייגל, בענקנדיק צו פליען,
בלייבן אויפ׳ן מויער —
דער דאַמעס ווילדע בליקן ציען
צו דעם ברייט־צעפּראַלטן טויער.
העי, פייגל, מיינע קניען
ציטערן פון טרויער!

פון הינטער ברייטן מויער
ריגלען זיך די ריגל,
די פייגל רייסן זיך פון מויער,
פאַטשן מיט די פליגל —
איך וועל פאַרטרינקען היינט מיין טרויער
בא אַ פולן קריגל.

די דאַמע מיט'ן ווינקנדיקן אייגל
איז פאַרשוואונדן פונ'ם טויער.
אַ הונט צונויפגעדרייט זיך, ווי אַ בייגל,
קוקט אָן מיך מיט באַדויער.
העי, גרויסע, פייערדיקע פייגל,
וואַכנדיק איז היינט מיין טרויער!

דער ברייט צעפּראַלטער טויער
האָט זיך שווער פאַרריגלט,
די פייגל בלייבן אויפ'ן מויער,
כאָטש זיי זיינען ברייט באַפליגלט,
און איך צום וואַכנדיקן טרויער
בין פאַרזיגלט.

י. י. סיגאַל׳ן

# רב שייע

אַ פאַרגעסענע צייטונג אין לויפיקן רוישיקן סאַבוויי.
פאַרגעם איך דעם טעגלאַכן קאַפּדריי
און בלאַנדזשע אויף איר מיט די אויגן —

„דער הייליקער צדיק, רב שייע
זכרונו לברכה
איז נפטר געוואָרן
ביום השלישי בבוקר.
אַלע חסידים און לאַנדסלייט דאַרפן זיין ביי דער לויה.“

פאַרגעם איך דעם טעגלאַכן קאַפּדריי
אין לויפיקן, רוישיקן סאַבוויי
און טראַכט,
אַז דער הייליקער צדיק רב שייע
זכרונו לברכה,
וואָס איז נפטר געוואָרן
ביום השלישי בבוקר,
האָט פונקט, ווי מיין זיידע
עליו השלום,
מסתמא געהאַט אויך אַ קליינטשיקן הויקער
פון שטענדיקן זיצן ביים ספר געבויגן.

און פונקט, ווי מיין זיידע
עליו השלום,
האָט ער אויך מיט גוטסקייט אַזאַ אין די אויגן
געקוקט אַ פאַרגאַפּטער
אויף יעדער יצירה
און גלייך איז געווען אַלץ,
ווי אַ שטריך פון אַ ווירע.

רב שייע!
רב שייע!
אָט דאָ אינם רווישיקן, לויפיקן סאָבוויי,
פאַרמאַטערט פון אייביקן קאָפּדריי,
זאָרגפולע מענטשן זיך טרייבן און טרייבן.
אָט באַלד,
און יעדער פון זיי
וועט מיד אין זיין היים זיך פאַרקלייבן.
דער אירלענדער און איטאַליענער,
דער איד און דער דייטש און דער נעגער,
און ווי די געשרייען פון לושנדע הענער
און שרייענדע גרעגער
וועט שרייען דאָס לעבן פון פענסטער און טירן —

געזאַנג פון וויקטראָלעס
און קינדער־געוויינען
וועלן אין לופטן זיך הויבן
און מישן אינאיינעם.

בלויז איך וועל פארגעסן מיין קאַפּדריי
און וועל פונם לויפיקן, רווישיקן סאַבוויי
זיך לאָזן אין הויז פון מיין זיידן פאַרפירן —
ער, אין אַ ספר פאַרטיפט און פאַרגעסן,
פאַרגעסט, אַז מען דאַרף נאָך היינט וועטשערע עסן
און איך, ביי די ביכלאַך פון פרץ׳ן, רייזענען, אַש׳ן,
ריים שטיקלאַך פון ברויט און עס אומגעוואשן.
נאָר אָט הייבט ער אויף זיינע אויגן
און הייבט אָן דאָס גרוילאַכע בערדל
זיך גלעטן און גלעטן
און ס׳דאַכט זיך מיר אויס,
אַז אָט
און ער וועט צו מיר זיך אין גוטן מוט ווענדן:
— אוי פערדל, דו פערדל,
וואָס וויסן זיי דאָרטן —
די שרייבערלאַך דיינע
פון גאָט ברוך הוא?
און דו,
אוי פערדל, דו פערדל,
מיט דיינע משוררים, פילאָזאָפן, פאָעטן,
וואָס וויסטו פון גאָט ברוך הוא?
און צופנדיקן בייז שוין דאָס בערדל
לעגט ער אַ שטרענגער שוין צו:

— ער קאָן דאָך מיט איין מאַך פון האַנט בלויז
אַ וועלט זיך באַשאַפן
און גלייך זי פאַרלענדן.

רב שייע!
רב שייע!
פלעגסט פונקט ווי מיין זיידע,
עליו השלום,
מסתמא זיך גלעטן דאָס בערדל,
און שמייכלען צו וועמען:
— אוי פערדל, דו פערדל,
און פונקט, ווי מיין זיידע,
עליו השלום,
פלעגסטו אויך איבער אַ ספר זיך וויגן —
איצט ביסטו, ווי ער אויך, אויף אייביק אַנטשוויגן.

ז. וויינפער

## דער מאַמעס נגון און די קלויסטער־גלעקער

דער מאַמעס נגון און די קלינגענדיקע קלויסטער־גלעקער
איר זיינט געווען פאַר מיר די איבערשרעקער
פאַר בוצעבאָס אין גרויען און אין שוואַרצן.
איר זיינט געווען פאַר מיר די ערשטע וועקער
פון לויטערע באַגערן אין מיין האַרצן.

און איצטער, ווען מיין פאַרהאַנג איז פאַר אייך פאַרהאַנגען,
זיינט איר פאַר מיר אינגאַנצן ניט פאַרגאַנגען.
אין רויש פון גרויסע שטעט, און צווישן פייערדיקע ליכטער
דערפיל איך פלוצלונג זיך פון אייך געפאַנגען,
דערזע איך פלוצלונג זיך בײַ אייך אַן אומגעריכטער.

אין שטוב — די פנים׳ער געהייליקטע אין לויטערקייט פון שכינה,
די מאַמע לייענט פרום אַ תחינה
און פלוצלונג הויבן קלויסטער־גלעקער אָן זיך וויגן —
די קלאַנגען ברייט צעגאָסענע און אָפּטמאָל דינע
צומישן זיך מיט מאַמעס וויינענדיקן נגון.

אַ זון־שטראַל אויפ׳ן דיל און מערער אויף די בעטן
און אויף די ווענט רבני׳שע פּאָרטרעטן;
די מאַמע זיצט פאַר׳חלום׳ט מיט אַ פרומע מינע
און דורכ׳ן פענצטער זון־באַלויכטענע טאַפּעטן
פון פּאָסטאַווועניען גאָלדענע און גרינע.

אַ בוהיי האָט זיך ערגיץ־וואו צעשריגן
און פון זיין שרייען נעמט די לופט זיך וויגן
און ברענגט צום פענצטער צו דעם דופט פון קאָנעשינע —
די מאַמע כאַפּט זיך אויף און הויבט אָן מיט׳ן נגון
דערלייענען די תחינה: —

— און זאָלן בייזע וועלף זיך איינס דאָס אַנדערע פאַרצערן
און זאָלן שעפּעלאַך זיך מערן און פאַרמערן —
דער שאַרפשטיין זאָל בלויז וועלן שאַרפן,
די סערפּן און די קאָסעס און די שערן
און שווערדן, שפּיזן זאָל ער ווייט פון זיך פאַרוואַרפן.

די קאַץ צונויפגעדרייט זיך אין אַ ווינקל, ווי אַ בייגל,
מאַכט אויף פאַמעלאַכדיק און פויל אַן אייגל
און הערט זיך איין אַ שווייגנדיקע צו דער מאַמעס זאָגן.
די קלויסטער־קלאַנגען שרעקן איבער דרימלענדיקע פייגל
און מיט אַ ליאַרעם נעמען זיי זיך אין דער לופטן יאָגן.

ז. וויינבער

דער מאַמעס נגון און די קלינגענדיקע קלויסטער-גלעקער:
איר זיינט געווען פאַר מיר די איבערשרעקער
פאַר בוצעבאָס אין גרויען און אין שוואַרצן;
איר זיינט געווען פאַר מיר די ערשטע וועקער
פון לויטערע באַגערן אין מיין האַרצן.

און איצטער אויף די זאַמדיק-ברייטע וועגן
קומט איר מיר אָן אַנטקעגן.
אַמאָל, ווי בוצעבאָס מיך צו דערשרעקן,
און אָפט, ווי מאָרגן-זונען, גלייך אין פנים מיר אַנטקעגן,
פון טיפן שלאָף מיך אויפצואוועקן.

## אַ מענטש, ווי איך

אַ מענטש, וואָס איז פאַרליבט אין שפּילעוודיקן שיין
פון בלוי-לבנה׳דיקע נעכט
און גאָלדיק-זונענדיקע טעג
און טרייבט זיך אום פון וועג צו וועג
און זינגט דאָס ליד פון פרייד און פּיין,
ווי קאָן עס אַנדערש זיין,
ווי הערשער און ווי קנעכט?

אַ הערשער איבער גאָלדיק-זונענדיקע טעג
און בלוי-לבנה׳דיקע נעכט.
אַ קנעכט צו גאָלדיק-זונענדיקע טעג
און בלוי-לבנה׳דיקע נעכט.

אָט זע, עס מיניעט זיך אין פלאַש דער וויין
און דו, וואָס האָסט מיך ערשט דערקענט
אינמיטן פון אַ טאַנצנדיקן וואַלץ,
און פלאַפּלסט שוין צו מיר פון זיך און אַלץ,
פאַרמאָגסט אַזעלכע ווייסע, שיינע הענט
און אויגן — ליכטיקערע, ווי דער לאָמפּן-שיין
און שפּילעוודיקערע, ווי אין פלאַש דער וויין.

אָט באַלד, און אימיצנס אַ פרעמדע האַנט
וועט גראָב און פאַמיליאַר, ווי אַ טאָן פון דזשעז,
דיין ווייסן אָרעם טאָן אַ נעם.
און דו וועסט גראַציעז
די האָר זיך טאָן אַ גלעט
און אַ פאַרקעם —
אַ שטומער נויג
און איבער דיינס אַן אויג
וועט אויפציטערן צונג לעצטן מאָל דיין ברעם —
אַדיע פאָעט! —

אַ שיף
וועט דעמאָלסט אויפהייבן דעם אַנקער פון דער טיף
און טאָן זיך אַ פאַרנעם
צו עפּעס אַזאַ וויטן, קאַלטן לאַנד,
אַ קעניג איבער גאָלדיק-זונענדיקע טעג
און בלוי-לבנה׳דיקע נעכט
וועט אומבאַמערקט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קנעכט.

## דזשעז

אינ׳ם קליינעם
נאַכט-קאַפּיי —
ווער מיר קאַווע,
וואָס מיר טיי.
באַס, באַנדזשאָ
און סאַקסאָפאָן
זיינען אין אַ
שמום פאַרטאָן.
און די פאָרלאַך —
בויג און דריי!
אינ׳ם קליינעם
נאַכט קאַפּיי.

קלאַפּט און כרימדזשעט
דער באַנדזשאָ —
האָפּיי-הופּ!
און וויאָ-קאַ-וויאָ!
און צום לייכטן
סאַקסאָפאָן
טאַנצט אַ יעדער,
ווער עס קאָן.

ז. וווינפער

האָפּי־הופּ!
און שאָקל־וויקל!
ווי אַ ווילד־
צעלאָזן ביקל
אָפּגעריסן זיך
פון שטריקל —
האָפּי־הופּ!
און שאָקל־וויקל!

און צוויי לאַפּעם
אויף דער פּיאַנע
רוישן, ליאַרמען
מיט אַ טענה —
קלימביי, קלימביי,
קלימביי־באָ!
און דער עולם —
כאַ, כאַ, כאָ!
אינ׳ם קליינעם
נאַכט־קאַפּיי —
וויקל־שאָקל,
בויג און דריי.

# נו טאַנצן מיר

עס האָט אונז די מוזיק
אַ רוף געטאָן צום טאַנצן
און צו מיין שטומען זיך פאַרנויגן
האָט ליכטיקער געמומען גלאַנצן
דאָס ליכט אין דיינע אויגן.

נו טאַנצן מיר
און טאַנצן,
טאַנצן
האַנט אין האַנט ארומגענומען.
אַ בלאָנדער פּאַזש
מיט רויטע רויזן־קראַנצן
איז פון דער ווייט צו אונז געקומען.

נו טאַנצן מיר
און טאַנצן,
טאַנצן,
און דער פּאַזש
מיט זיינע רויטע רויזן־קראַנצן
שטופּט זיך אין דער מיטן —

ז. וווינפער

העי, פּאַזש
מיט דיינע רויזן־קראַנצן,
ווער דאַרף עס איצט אַ דריטן?

נו טאַנצן מיר
און טאַנצן,
טאַנצן,
אויגן שפּילן זיך אין אויגן,
פון ערגיץ איז אַ פויגל אַנגעפלויגן —
פויגל, פליגל,
גלאָז און שפּיגל,
אַלע טויערן אָן ריגל.
איך אליין אין קינדער־וויגל
און מיר טאַנצן,
טאַנצן,
טאַנצן
הענט אין הענט אַרומגענומען,
און דער פּאַזש אַלץ אין דער מיטן,
כאָטש קיינער דאַרף ניט זייגע בלומען־קראַנצן,
כאָטש קיינער וויל ניט איצט קיין דריטן.

# דו

דו.
ווער ביסטו?
אַ גרויער, ביינערנער סקעלעט
הינטער מיינע, דינע, פיינע שלייערן געהילט.
און בלויז צו דעם קאַפּריז
פון מיר —
דעם מאַן און דעם פּאָעט
האָסטו זיך הינטער מיינע שלייערן געשפּילט
און הינטער זיי געגלאַנצט,
געבלענדט
און אָפּט מיין לייב געצונדן
און צעברענט.
און איצטער, אַז צום ענד איז דער קאַפּריז
פון מיר ——
דעם מאַן און דעם פּאָעט;
טו איך דיר שלייערן פון דיר אַזוי אַ רים.
און דו,
ווער ביסטו?
אַ גרויער ביינערנער סקעלעט
צעשטויבט באַ מיינע פיס.

## משה לייב האַלפּערן

זיינע האָר — זילבער־דראָטלאָך
צעבויגן אויף זיין קאָפּ.
און ליפּן וועלפּישע — אי גראָב, אי ברייט.
און רעדט ער — פאַלן זיינע רייד
ווי כוואַליעס פון א הויכן באַרג אַראָפּ.

און אויף זיין תאווה'דיקער נאָז,
ווי צוגעקאָוועט זיצן די פּענסנע.
און פאַלט אויף דיר זיין בליק דורך זיי
דערפילסטו זיך,
ווי פונ'ם ווייגנדיקן ווינט דאָס גראָז.

אַזוי־אָ זיצט ער שעה'ענווייז
אין רוישיקן קאַפּיי
און אין עלעקטרישן ליכט
פאַרוואָלקנט אין ציגאַרן־רויך
וויגט זיך זיין געזיכט.

### גאָלד און גריין

אַרום איז אַ גערויש.
עס מישט זיך דער געקלאַנג
פון לעפל, טעלער און פון רייד
און אין גערויש
ציטערט אויף און רעגט זיך זיין געזיכט
פאַר מיר, פאַר דיר און אים אַליין
און קוקסטו דאַן אויף אים דורך זיין ציגאַרן־רויך,
דערפילסטו זיך אַ ביימל אין אַ שטורמדיקן וואַלד
און ס'דאַכט זיך דיר, אַז באַלד
וועט ער, פאַרקריצנדיק די ציין,
אַ הויב טאָן זיינע פויסטן אין דער הויך
און עפּעס גרויזאַמעס וועט דאָ געשען
און עפּעס שרעכלאַכעס וועסטו דערזען.

ז. וווינפער

## קו-קו-רייע-רייע-קו!

קו-קו-רייע-רייע-קו!
קרייט מיט גדלות אוים דער האָן.
קו-קו-רייע-רייע-קו!
קומט אַהער און קוקט מיך אָן
און די הינער: טיו-טיו-טיו!
קומען פֿון די ווינקלען אָן.

איינע מיט אַ געלן פֿלעק
רוקט זיך נאָענט צו אים צו
דרייט חניפֿה׳דיק דעם עק
און זי רעדט צו אים פֿער-דו:

— טייערינקער, שיינער האָן,
כ׳האָב אַ קאָרן, נעם אים צו.
קרייען, ליבן, ווער עס קאָן
מיט אַ קול אַזוי ווי דו,
יענעם קומט אַ קרוין, אַ טראָן
און אַ קעניגרייך דערצו.

הערט דער האָן צו איר זיך צו
און ער הויבט צו קרייען אָן —
קו־קו־רייע־רייע־קו !
קרייען, לישן, ווער עס קאָן
מיט אַ קול אַזוי ווי איך
יענעם קומט אַ קרוין, אַ טראָן
און אַ קעניגרייך דערצו.
און די הינער גיכער־גיך
מיט די פּיס אַ שאַר אַ קער
און די קערנער מער און מער
קלייבן הויפנווייז זיך אָן
פאַר דעם קרייענדיקן האָן.

שפּאַנט דער האָן צעווישן זיי,
ווי אַ קעניג שטאָלץ מיט זיך.
ציט נאָך לענגער אוים דער קריי —
קו־קו־רייע־רייע־קו !
קומט אַהער און הערט זיך צו —
קרייען, לישן, ווער עס קאָן
מיט אַ קול אַזוי ווי איך
קו־קו־רייע־רייעקו !

יענעם קומט אַ קרוין, אַ טראָן
און אַ קעניגרייך דערצו.

און די הינער—טיו-טיו-טיו!
קוקן מיט פאַרגאַפונג אָן
אױף דער שטאָלצקייט פונם האָן
און קוואַכטיען גליקלאַך צו.

## הימנע צום פּאָעט

אַ שאַרפע, בלאַנקע שווערד,
אַ פלינקן, גראַציעזן פערד,
פאַרמאָגט דער ריטער.
אַן אָנגעשאַרפטן, בלאַנקן סערפּ
און גרויסע אָנגעפילטע קערב,
פאַרמאָגט דער שניטער.
און ער — דער וואַכזאַמער פּאָעט?
ער זינגט זיין ליד, וואָס רעדט
צו אַלעמענס געמיטער;
עס נעמען דאָך זיין ליד
אין וועג אַריין זיך מיט
דער ריטער און דער שניטער.

פלי-פלי, פלי-פלי, מיין פערד!
פאָך-פאָך, פאָך-פאָך, מיין שווערד!
איז דאָס געזאַנג פון ריטער.
שנייד-שנייד, שנייד-שנייד, מיין סערפּ,
פיל אָן די לערע קערב,
איז דאָס געזאַנג פון שניטער.

ז. וויינפער

אוןַ ער — דער וואַכזאַמער פּאָעט? —
די הענט אַין אַ געבעט
פֿאַר ריטער און פֿאַר שניטער.
אַ ליד צום פערד און שווערד,
אַ ליד צום סערפּ אויף דר'ערד,
אַ ליד צום שניטער און צום ריטער.

מיט קרוינען פון לבנה־שיין,
לויתן, שור־הבר און וויין,
אַ מלאך מיט דעם שניטער.
אַ סמאָלע־פּאַס, וואָס קאָכט און זידט,
אַ פייער־פּאַן, איז אָנגעבריט,
אַ שד איז מיט דעם ריטער.
און ער — דער וואַכזאַמער פּאָעט? —
ער איז דער מלאך און דער שד,
דער שטראָפער, דער באַהיטער —
די שווערע לייד, די גרויסע פרייד
באַ אים אין האַרצן איז פאַרגרייט
פֿאַר ריטער און פֿאַר שניטער.

## פּאָעטן

ווי גוט איז צו פֿאַרברענגען צווישן אייך, פּאָעטן,
כאָטש, פּונקט, ווי זיך אַליין, קאָן איך אייך ניט פֿאַרשטיין.
איר זייט, ווי שיינע פּרויען, אַלע בלויז קאָקעטן
און פּונקט, ווי זיי, אויך נאַריש אָפּט און שיין.

און וואו איך זאָל מיט אייך צוזאַמען נאָר ניט זיצן
אין הויז ביי וועמען, צי ווי איצט דאָ אין קאַפּיי,
איז בלענדן מיר די ווערטער אייערע, ווי בליצן,
פֿאַרגייען דאַן, ווי איצט, די פּאַרע פֿון מיין טיי.

און גוט אַזוי.
אָט שיקט צו מיר אַ שיינע פֿרוי
פֿון צווייטן טיש אירע שמייכלדיקע בליקן,
אין כאָטש זיי מיינען גאַרנישט, ווי פֿון אייך, די רייד
איז גוט מיר דאָך אַזוי שוין בלויז נאָר פֿונ׳ם שיקן
און פּונקט, ווי איר, אַזוי אַ בענטש איך אייך אויך שטילערהייט.

ז. וויינפער

## מאַני לייב

דאָס שטילע ליד פון מאַני לייב —
אַ זילבער שפּילעוודיקע פליים.
דורך בלויער פּיין און ווייסער פרייד
דער קרעאַטור אַ לויב.

אַ קינד פאַר׳חלומ׳ט באַ אַ שויב,
זיצט שווייגנדיקערהייט.
אַ שוואַן די פליגל אויסגעשפּרייט
טוט שטום צום הימל זיך אַ הויב.

די זון גייט אויף, די זון פאַרגייט,
אַ שטראַל רירט אָן אַ טיר, אַ שויב.
און אין אַ ווינקל זיך פאַרקלייב
און שווייגנדיקערהייט
פאַרנעם די פּיין, פאַרנעם די פרייד —
דאָס שטילע ליד פון מאַני לייב.

# אין שטילע גרויקייט פון מיין הויז

אין ווייטן מדבר זינגט דער בעדואין
זיין נאָגנדיקע בענקשאַפט אויס —
אַללאַ־האַ־האַ! אַללאַ איז גרויס
און גוט איז ער צו זיינע זין.

אויף קאָרן־פעלדער ערגיץ אין וואָלין,
מיט סערפּן־קלאַנג און קאָסע־גלאַנץ,
גייט אָן אַ קרעפּטיק־ווילדער טאַנץ
פון יונגע טעכטער און פון זין.

און אין אַ טונקל אַלטע קלויז,
זיך וויגנדיק אַ הער און הין,
אַ איד צעזינגט זיך ווייך און דין
און שטרעקט די הענט יהוה׳ן אויס.

און איך — אין שטילע גרויקייט פון מיין הויז,
אַ שווייגנדיקער, אומבאַוועגט,
זיץ אָט אַזוי די הענט אויף זיך פאַרלייגט
און בין אין פעלד, אין מדבר און אין קלויז.

ז. ווייבער

# ראש-השנה

אויף צייטונגס-שפאַלטן און אין די וויטרינעס,
אויף אַלע ווענט און אַלע טויערן —
חזנים יאַרמאָלדיקע און מיט פרומע מינעס,
ווי שופרות טרובען זיי אין דיינע אויערן:
ראש-השנה! ראש-השנה!

נאָר ער אַליין, — דער אַלטער ראש-השנה, —
באַהאַלטן ליגט ער הינטער ווענט און מויערן
און טראַכט מיט ציטערניש פון דער סכנה,
וואָס טוט איצט איבער אַלע גאַסן לויערן
אויף אים — דעם ראש-השנה.

פאַריאָרן האָט אַ יונג, אַ ווילדער,
צעריסן אים — די זיידענע קאַפּאָטע.
און מיט אַ סווישטש און גרויס געפילדער
געפלויגן זיינען שטיינער, שטיקער בלאָטע
אויף אים — דעם ראש-השנה.

און אַז ער האָט מיט גרויס סכנה
זיך אין אַ גרויסן הויז פאַרקליבן,
האָט דאָרט אַ מויד אַן אויסגעטאָנע
געטאַנצט און שפּאַס געטריבן
פון אים — דעם ראש־השנה.

אוי, ראש־השנה! מיין מתנה!
האָט זי אַ פּרעכע שטאַרק גערעוועט
און דער עולם מיט כונה
האָט לאַכנדיק איר נאָך געבעבעט:
אוי, ראש־השנה! מיין מתנה!

די שאַנד האָט אים פון דאָרט פאַרטריבן
און הינטער וועגט און גרויען מויער
האָט ער מיט ווייטיק זיך פאַרקליבן.
איצט ווייגט אין זיך פון צער און טרויער
דער אַלטער ראש־השנה.

נאָר שפּעט באַנאַכט אַמאָל, אין שיין פון דער לבנה,
שאַרט ער זיך אום בײַ ווענט פון גרויסע מויערן
און זוכט און קוקט מיט גרויס כונה
אויף אַלע ווענט און אַלע טויערן
און וואָס־זשע זעט ער — ראש־השנה? ·

ז. רזייפער

צווישן גלאַדיאַטערס, טענצערנים פון וואָדעווילן —
אַ באָרד און פאות, ווייסע שיך און זאָקן —
עס קוקט אויף אים דורך שווערע ברילן
אַן איינגעבויגענער, אַ שווער באַיאָרטער זקן —
דאָס בילד פון ראש-השנה.

אָט דאָס בין איך? — צעשאָקלט ער זיך מיט באַדויער —
עס רוישט די שטאָט, ווי חיות וואָלטן זיך צעברילן,
און פון אַן אַלטן טויער,
צעווישן גלאַדיאַטערס, טענצערינס פון וואָדעווילן
צעווײנט זיך שטיל דער אַלטער ראש-השנה.

## דער צער פֿון ווערן אויס

אַ שטילע גרויקייט הערשט בײַ מיר אין הויז.
איך שפּאַן אַרום און רויכער אַ ציגאַר.
דער רויך צעקרײַזלט זיך און גייט פּאַמעלאַך אויס
און טיף אין מיר גייט אויף אַ גרויסער צער —
דער צער פֿון ווערן אויס.

דער גרויער קרײַזלדיקער רויך —
ער ציט זיך פֿון מײַן מויל אָן ציל, אָן זין
און ווערט צעגאַנגען אין דער הויך.
פֿון וואַנען און וואוהין
קומט אָן און גייט אַוועק דער רויך?

איך צי זיך אויף דער סאָפֿע אויס
און מײַנע בליקן הענגען אויף דעם גרויען רויך.
מײַן צער צעוואַקסט זיך אין דער גרויס
און שפּרייט זיך, ווי אַ וואָלקן אין דער הויך —
דער צער פֿון ווערן אויס.

ז. וויינפער

אַ טיפע גרויקייט הערשט בײַ מיר אין הויז
און אויף דער גרויקייט הענגט מיין בליק.
אַ קול זינגט שטיל צו מיר פון ערגעץ־וואו אַרויס: —
„דער וועג, וואָס פירט אַהער, פירט אויך צוריק
און אַלץ וואָס ווערט, מוז ווערן אויס!"

איך הויב זיך אויף און הויב אָן שטיל אַרומצוגיין
און אומבאַמערקט פאַרלעשט זיך מיין ציגאַר.
די לופט איז לאַנג פון רויך שוין ריין,
נאָר אין מיין האַרצן וויינט דער צער
פון אומפאַרמיידלאכן פאַרגיין.

# אַביסל זונשיין

פרימאָרגן האָט היינט מיר געבראַכט אַביסל זונשיין צום בעט
און ווען איך האָב די אויגן אָן עפן געטאָן
האָט זיך דער זונשיין צעוויגט און צעבלומט און צעגליט
אויף אַ ברוינעם טאַפּעט.
נאָר דאָרט קעגנאיבער מיין פענצטער אין ציגאַרן־פאַבריק,
אין דער אַרבעט פאַרטאָן,
האָבן שאָטנס זאַלבע צווייט, זאַלבע דריט,
זאַלבע צווייט, זאַלבע דריט
געוויגט זיך אַהין און צוריק,
אַהין און צוריק.

דער זייגער איז אינגאַנצן געווען אַרום ניין.
און מאָרגנדיק־פריש האָט געוואונקען צו מיר פון טאַפּעט דער געבלימלטער שיין
און דאָרט אין ציגאַרן־פאַבריק
זאַלבע צווייט, זאַלבע דריט,
זאַלבע צווייט, זאַלבע דריט
זיך וויגנדיק הין און צוריק,
אַהין און צוריק
האָבן מענטשלאַכע הענט געוויקלט אַ בלאַט אין אַ בלאַט,
אַ בלאַט אין אַ בלאַט.

ז. וויינפער

אַ ווינקל, אַ קײַקל, אַ דרייַ
און פון זיך אַ שאַר
אַ ציגאַר אויף אַ ציגאַר,
אַ ציגאַר אויף אַ ציגאַר —
עס וואַקסן די בערגלאַך־ציגאַרן אַרויף אין דער הויך.
און ווייַט איבער זיי,
אַזוי ווי אַן אויג דורך אַ גרויליאַכן רויך,
אַן עלעקטרישער לאָמפּ איינגעהילט אין אַ קאָלפּאַק פון בלויען קאָליר
האָט געקוקט מיט אַ פאָרוואורף צו מיר.

געווען איז שוין שפּעטער פון ניין,
אויפ׳ן ברוינעם טאַפּעט האָט נאָך אַלץ זיך געבלימלט דער זוניקער שייַן
און איך האָב אַ צונד געטאָן פאַר זיך אַ ציגאַר
און שלינגענדיק דורשטיק דעם רויך,
האָט אויפגעוואַכט טיף אין מייַן האַרצן דער צער
פאַר שאָטנס געבויגענע זאַלבע צווייט, זאַלבע דריט,
זאַלבע צווייט, זאַלבע דריט,
וואָס וויגן זיך אַהין און צוריק,
אַהין און צוריק
און איך — סאַראַ נאַר, וואָס איך בין, סאַראַ נאַר —
האָב איינמאָל אין מיינעם אַ ליד
פאַרגליכן מייַן אייגענעם צער
צום רויך פון ציגאַר,
וואָס הויבט זיך אַרויס פון מייַן מויל און צעגייט אין דער הויך.
סאַראַ נאַר, וואָס איך בין, סאַראַ נאַר!

און געבויגענע שאָטנס זאַלבע צווייט, זאַלעב דריט,
זאַלעב צווייט זאַלבע דריט
בלויז מיין אייגענע צער?
כאַ־כאַ! — האָב איך זיך צעלאַכט אין דער הויך —
צום טייפל מיט אָט אַזאַ ליד!

דער זוניקער פלעק האָט אַלץ נאָך געגליט
אויף מיין ברוינעם טאַפּעט —
מיין האַנט האָט אַ צי זיך געטאָן צו אַ בוך פון אַ יונגן פּאָעט
און איך האָב געליייענט אַ ליד: —

אין פּאַרק ליגט די נאַכט,
ווי אַ חלום צעלייגט —
עס זיצן זיך שטיל,
אומבאַוועגט,
אַן ער
און אַ זי.

אזוי ווי די ביימער
פון ווינט ניט באַרירט,
ניט געגלעט
זיצן זיך שטיל,
אומבאַוועגט,
אַן ער
און אַ זי.

ז. וויינפּער

אַן ער
און אַ זי?
עס טוט אין מיין האַרץ וואָס פּלוצלונג אַ ברי —
אַן ער
און אַ זי?
צום טייפל מיט אָט אַזאַ ליד!

דער זונשיין אויף מיין ברוינעם טאַפּעט
פאַרוואַנדלט זיך שוין אין אַ געלבלאַכן פלעק.
אָט באַלד און ער וועט פון מיין בעט
אינגאַנצן אַוועק,
נאָר בלייבן וועט דאָרט קעגנאיבער אין ציגאַרן־פאַבריק
די שאָטנס געבויגענע זאַלבע צווייט, זאַלבע דריט,
זאַלבע צווייט, זאַלבע דריט
און וויגן זיך וועלן זיי אַהין און צוריק,
אַהין און צוריק.

# איבער גאַסן

אויף יעדער גאַס און געסעלע באַזונדער
שוועבט אום אַ ליכטיק-כשוף׳דיקער וואונדער —
די וועגעלאַך מיט פרוכטן אָנגעשוואָלן
און ווי צעעפנטע זיך דרייענדיקע פּאַראַסאָלן,
צעבלאָזענע, קאָלירנדיקע קליידלאַך,
פון יונגע טאַנצנדיקע מיידלאַך,
צו שרייענדיקע קאַטערינע קלאַנגען.
און איבער זיי אויף שטריק צעהאַנגען,
ווי וויסע פּאָכענדיקע פענער,
דאָס אונטערוועש פון אידן, אירלענדער און איטאַליענער.

און אויף אַן אַנדער געסל, צווישן רווישיקע עקספּרעסן,
אַ בלינדער זינגט אַ ליד פון אַ פּרינצעסן,
פאַרגייענדיק זיך אין אַ דינעם ציקל.
און פון די פענצטער — אַט אַ פּעני, אָט אַ ניקל
צעקלינגען זיך, צעקייקלען זיך אויף טראָטואַרן,
זיין העלפער איילט זיך זיי צונויף צו שאַרן
און שאַרנדיק באַהאַלט ער עפּעס צווישן זיינע פינגער.
און לעבן אָט דעם בלינדן זינגער
אַ קעצל אין אַ מיסטקאַסטן הערט ניט אויף זיך צו באַלעקן,
אַ שמייכלענדער פּאָליסמאַן שפּילט זיך מיט זיין שטעקן.

פאַראַנען אויך אַזעלכע מאָדנע שטילע גאַסן —
דאָרט לויפן נאָך אַלטמאָדישע קאָליאַסן,
מיט ווייכע גומע־רעדער, קוים צו הערן,
די שטייפע דאַמען, עלעגאַנטע הערן,
ווי העלדן פון אַ קינדער־מעשה —
דער קוטשער, מיט די הענטשעקעס — די ווייסע,
זיצט אָנגעצויגן, ערנסט, אַן אַ שמייכל —
אַזאַ־אָ גאַס איז ווי אַן אויסגעצירטער היכל —
די מענשען איינגעהאַלטענע און שטילע,
אויף יעדנס ליפּן צאַפּלט זיך אַ תּפילה.

נאָר אויך אַפילו אויף יענע שרייענדיקע גאַסן,
וואו ס׳לעבן שפּאַנט און לויפט, ווי אַ צערייצטער כעסן,
פון די עלעקטרישע שילדן, וועלכע שרייען
נאָך העכער, ווי די קלינגענדע טראַמווייען
און פון די אומצייליקע קאָלירנדיקע אויטאָמאָבילן,
וואָס רוישן, ווי די רעדער פון אומצייליקע וואַסער־מילן,
אָן אַן אויפהער, מאָנאָטאָנע, אָן אַ זינען
און קוקן אויס צווישן די הויכע מויערן, ווי בינען —
אַפילו דאָרטן, זאָג איך, שפּאַנט אויך אום דער וואונדער
אויף אַלץ און יעדערן באַזונדער.

## גאלד און גריז

באַטאָג בין איך געגאַנגען איבער אָט די גאַסן,
געגאַנגען זיך אַזוי־אָ גאַנץ געלאַסן,
זיך צועקוקט צו אַלץ און עפּעס וואָס אַזוינס באַנומען,
וואָס איז פון גרויסן וואונדער צו מיין האַרץ געקומען —
אַ טרעמפּ מיט שכרות אין די אויגן
האָט שטום צו מיר זיין האַנט געצויגן.
האָב איך אַ ניקל אים געגעבן
און הינטער אים געגאַנגען איז וואוהין דאָס לעבן
מיט מיר צוזאַמען איבער אָט די גאַסן
אָפּט שטורעמדיק און אָפּט, ווי איך, זיך גאַנץ געלאַסן.

ז. װ ו ױ נ פּ ע ר

# דיך אַליין נאָר

דורך מײַן פֿענצטער — רויטע, בלויע פֿײַערן
שווימען צינדן, צעגליִען זיך.
דורך מײַן פֿענצטער צו אַ פֿרײַנט אַ טײַערן
שטרעקן מײַנע הענט זיך, ציִען זיך.

דורך מײַן פֿענצטער — רײַען, רײַען, רײַענווײַז,
מענטשן אײַלנדיק און גײענדיק;
דורך מײַן פֿענצטער שעה'ן, שעה'ן, שעה'נווײַז
דיך אַליין נאָר זעענדיק.

## מיינע שעה׳ען אין דיין הויז

איצטער זיינען מיינע שעה׳ען אין דיין הויז
שטיקלאַך שטרוי פון דיין מאַגנעט געצויגן,
נאָר ווען די גוטע שעה וועט אויסשלאָגן
און איך וועל רורום טיר דערגרייכן
וועלן דעמאָלט מיינע שעה׳ען אין דיין הויז
פרימאָרגנדיק,
אין דיינע שוואַרצע נעכט אַריין זיך בלייכן.
און ווי מיין גוטע פרומע מאַמע
באַ די שבת׳דיקע בענטש-ליכט,
וועסטו אויך דיין געזיכט,
ווי זי, מיט ציטערדיקע הענט פאַרדעקן
און נאָכדעם פיינלאַך, תפלה׳דיק
אין דער ווייט אַריין זיי שטרעקן
צו מיינע שעה׳ען אין דיין הויז.

ז. וויינפּער

# טעפּיכער

ווער וואַרפט זיך מיט קאָלירנדיקע טעפּיכער אויף אונזער ערד ?
דער מלאך לאַ-לאַ האָט היינט זיך מיט דער זון צוגלייך באַוויזן,
און ווי די זון מיט אירע גליענדיקע שפּיזן,
האַלט ער די ווייסע פליגל איבער אונזער ערד צעשפּרייט.
וואַרפט ער זיך קאָלירנדיקע טעפּיכער אויף אונזער ערד ?
ניין,
דער מלאך לאַ-לאַ איז אַ קינד פון הימל-לאַנד,
און וועט קיין טעפּיכער אויף דער ערד ניט וואַרפן.
אָט זע : —
די פליגל אויסגעשפּרייטע איבער אונז,
זיינען זיינע ווייסע, שלאַנקע הענט
צום הימל בלויז געווענדט. —
דער מלאך לאַ-לאַ איז אַ קינד פון הימל-לאַנד,
און וועט קיין טעפּיכער אויף דר'ערד ניט וואַרפן.

טאָ ווער-זשע וואַרפט זיך פאָרט
מיט טעפּיכער אויף אונזער ערד ?
אַמאָל האָט דאָס דער יונגער פּרינץ פלילי געטאָן.

אַ ליכטיקער פלעגט ער אַנטקעגן זיין פּרינצעסן רורו רייטן.
דעמאָלט פלעגט זיין ווייסער, שפּילעוודיקער פערד
אַזוי לייכט
און שוועבנדיק גארצירן,
און ער אַליין —
פון מאָרגן־ליכט
און יוגנט־פרייד, —
די גרויסע בלויע אויגן אויפגעעפנט אין דער ברייט.
און דעמאָלט פלעגט ער טעפּיכער אויף דר׳ערד צעוואַרפן,
אַז זיין פּרינצעסן רורו׳ס פיס
זאָלן ניט די הוילע ערד באַרירן.
אָבער דאָס איז דאָך געווען אַמאָל,
און איצט איז די פּרינצעסן רורו טויט. —
אַ כברה, אַז די שפּיז פון פּרינץ פּלילי אַליין
איז פון איר בלוט אויך רויט. —
טאָ ווער־זשע וואַרפט זיך מיט די טעפּיכער אויף אונזער ערד,
אַז ניט דער מלאָך לאַ־לאַ?
און ניט דער פּרינץ פּלילי?

ז. וויינפער

# קלאַנגען

קלאַנגען.
וואַכיק־וויגנדיקע קלאַנגען.
ערגיץ איז אַ זון, וואו אויפגעגאַנגען
און מיט איר
אַ לופטיקע אַזאַ,
אַ ליכטיקע אַזאַ,
די פרינצעסן רורו מיינע;
אייל איך זיך דורך אַלע וועגן
מיט מיין אומרו איר אַנטקעגן.

קלאַנגען.
שטילע, שטאַרבנדיקע קלאַנגען.
ערגיץ איז אַ זון, וואו אויפגעגאַנגען
און מיט איר
אַ לופטיקע אַזאַ,
אַ ליכטיקע אַזאַ.
די פרינצעסן רורו מיינע;
בויג איך טיף מיין קאָפּ אין ליידן
פאַר מיין רורו'ן באַם צושיידן.

# געבענטשט זאָל זיין

געבענטשט זאָל זיין דער זונאויפגאַנג
פון וועמעס גליענדיקער ליכטיקייט
זי איז צו מיר געקומען.
געבענטשט זאָל זיין דער זונפאַרגאַנג
וועמעס שטאַרבנדיקע ליכטיקייט
האָט איר פון מיר אַוועקגענומען.

געבענטשט זאָל זיין דער האָריזאָנט
וועמעס דורכזיכטיקע בלוילאַכקייט
האָט איר פון מיר אַוועקגענומען.
געבענטשט זאָל זיין דער האָריזאָנט
צו וועמעס דורכזיכטיקע בלוילאַכקייט
איך וועל אַמאָל אַליין אויך קומען.

ז. וויינפער

## נאַכט וועט קומען

דער מלאך לאַלאַ האָט מיט זיין גאָלדן שפּיגעלע
אַ שפּיל געטאָן זיך אויף די פענסטער פון די הייזער,
איז אויך צו אונז אַ שטיקל גאָלד אריינגעפאַלן.
די רויטע רויזן און די ווייסע קאראנעלן —
פאַרשלאָפענע,
פאַרוויאַנעטע, —
ווער האָט אין דער כינעזער גרינער וואַזע
אַ וועק געטאָן אין זיי דאָס לעבן,
און אויף דאָס ניי די פרייד אין זיי אריינגעבלאָזן ?
און דער מאַראַנץ-קאָלירנדיקער לייכטער.
ווער האָט זיין ליכט דען אָנגעצונדן,
וואָס ער האָט פּלוצלונג, ווי צעגאָסן גאָלד גענומען שטראַלן ?
יאָ, יאָ,
דער מלאך לאַ-לאַ האָט ערשט זיין גאָלדן שפּיגעלע
פון זיינע טויזנט טיכער אויפגעבונדן
און איבער אַלע פענסטער גאָלד צעלאָזן, —
וועקן זיך פון שלאָף די רויזן,
לעבן אויף פאַרוועלקטע קאַראַנעלן,
און פון זיך אַליין
ווערן אַלע ליכט געצונדן —

## גאָלד און גריז

בלויז די פּרינצעסן רורו מיינע
וויקלט זיך אין טיכער און אין שאַלן
און גלייכגילטיק צו אַלץ אַרום
ווי אויפן זייגערס ציפערבלאַט דער ווייזער,
דרייט זיך אויף איר האַלז דאָס רויטע בייטשל קרעלן,
און ווי דער זייגער
נעכטן,
אייערנעכטן
און פאַריאָרן,
זעט זי ניט, אַז אַלץ איז אַנדערש דאָ געוואָרן.
און ווי דער זייגער
נעכטן,
אייערנעכטן
און פאַריאָרן,
קוקט זי אויף מיין לולקע־רויך,
וואָס ערשט געווען און ניט געוואָרן
און זינגט מיט אים דאָס זעלבע ליד:
נאַכט וועט קומען!
נאַכט וועט קומען!
נאַכט וועט קומען!

# מאַטאַ-האַרי

ניט קיין פּרינץ, גאַרצירנדיק אַ שטאָלצער אויף אַ פערד.
ניט קיין ריטער, פאָכנדיק אַ בראַוווער מיט זיין שווערד,
נאָר אַ אידישער פּאָעט בין איך,
וואָס טראָגט דיין נאָמען איצט אין זיך.
מאַטאַ-האַרי.
מאַטאַ-האַרי.

וואו זיינען זיי געוועזן — די ריטער דיינע, וואָס פלעגן זיך גאַלאַנט
אַ נויג טאָן טיף פאַר דיר, קושנדיק דיין שלאַנקע צאַרטע האַנט.
וואו זיינען זיי געוועזן די פּרינצן דיינע, אויף די גראַציעזע פערד,
ווען אויף דיין שלאַנקן האַלדז האָט דורכגעבליצט די שווערד,
מאַטאַ-האַרי.
מאַטאַ-האַרי.

דעם קלאַנג פון דיינע ריטמיש-טאַנצנדיקע טריט
האָב איך, בלויז איך, פאַרנומען און אים אָפּגעהיט
איצט זינג איך אויס צו דיר מיין ליד —
דער ריטם פון דיין לייב און דיינע טאַנצנדיקע טריט
מאַטאַ-האַרי.
מאַטאַ-האַרי.

מיט פרינצן בלויז האָסטו געטיילט דיין פאַרפיומירטע בעט.
אַנשטאָט דאָס טיפע וואָרט פון איינזאַמען פּאָעט
האָט צו דיין נאַריש־קינדערישן האַרץ גערעט
דער גלאַנץ פון גאָלד־געשטיקטן עפּאָלעט
מאַטאַ־האַרי.
מאַטאַ־האַרי.

דאָך דעם קלאַנג פון דיינע ריטמיש־טאַנצנדיקע טריט
האָב איך, בלויז איך, פאַרנומען און אים אָפּגעהיט
און דער ריטם פון דיין לייב און טאַנצנדיקע טריט
אייביק וועט פאַרבלייבן אין מיין אידיש ליד,
מאַטאַ־האַרי.
מאַטאַ־האַרי.

.2

וואויל איז דיר,
וואָס האָסט דיין לעצטן טאַנץ
צו בראַמאַן אָפּגעגעבן.
מאַטאַ־האַרי.
מאַטאַ־האַרי.
דיינע רונדע, ציטערדיקע בריסט
ציען ווידער זיך אין ברוינעם גלאַנץ
צו בראַמאַס קופּערדיקע קניען.
דיינע פליגלדיקע הענט און פיס
וויגן זיך שוין ווידער,

ז. וויינפער

ציטערן שוין ווידער
און שוועבן, שוועבן, שוועבן
איבער די געשטיקטע טעפּיכער פון טעמפּל.
— צו דיר! צו דיר! צו דיר!
זינגען אַלע דיינע גלידער.
— דיינע, דיינע, דיינע איצט אינגאַנצן!
און בראַמאַס קופּערדיקע קעפּ
נעמען אַזוי תאווה׳דיק צעגליען
און צעגלאַנצן.

מאַטאַ־האַרי.
מאַטאַ־האַרי.
וואויל איז דיר,
וואָס האָסט דיין לעצטן טאַנץ
צו בראַמאַן אָפּגעגעבן.
יעדער ציטער פון דיין ברוין־געטאָקטן לייב
דערוואַרעמט און צעוויגט אַ האַרץ פון אַ בראַמינעו
און זע, ווי גליענדיק עס קוקן בראַמאַס אויגן.
יעדעס אויג —
אַן אָנגעצונדן לעמפּל.
יעדעס לעמפּל —
שפּיזנדיקע, גליענדיקע שטראַלן.
נעמען ווידער לעמפּלאַך דיך צעבריען
מאַטאַ־האַרי.

זיינען ווידער גליענדיקע שפּיזן דיר באַפּאַלן
מאַטאַ־האַרי.
מאַטאַ־האַרי.

.3

און זיינען פרעמדע ריטער
פון אַ ווייטן לאַנד געקומען
און פון׳ם טעמפּל דיך געפאַנגען,
זיינען בראַמאַס גליענדיקע אויגן
אומעטום דיר נאָכגעגאַנגען,
מאַטאַ־האַרי.
דורך שווערע מאַרמאָר־ווענט
פון הויפן און פּאַלאַצן
האָבן זיי זיך דורכגעריסן
און אין די ריטערלאַכע לייבער
זיך געביסן.
בראַמאַס אויגן —
גליענדיקע, שפּינדיקע שלאַנגען.
בראַמאַס בליקן זיינען קאָסע־בליצן
אין די הענט פון פלינקע שניטער.
זיינען ווי די פאַלנדיקע זאַנגען
צו דער ערד געפאַלן
אַ ריטער נאָך אַ ריטער,
אַ ריטער נאָך אַ ריטער.

.4

און אַז פון אַלע ריטער
איז קיינער ניט געבליבן
האָסטו דעם שרעק פון דיינע אויגן אויסגעריבן,
מאַטאַ־האַרי,
מאַטאַ־האַרי.
אויף דר'ערד —
אַ נעץ פון רויטן בלוט
און בערגעלאַך
פון ביינערנע סקעלעטן.
אַ הענטל פון אַ שווערד,
אַ רעדל פון אַ שפּאָר
און פרענזזענלאַך
פון גאָלד־געשטיקטע עפּאָלעטן.
און דו — אַ שוועבנדיקע,
ווי דער ראָב פון אויבן,
האָסט איבער זיי
צו בראַמען דיינע אויגן אויפגעהויבן.

.5

איצט טאַנצסטו שוין דיין לעצטן טאַנץ
מאַטאַ־האַרי
מאַטאַ־האַרי
עם קאָנען ביינערנע סקעלעטן

דעם וועג צו בראַמאַס טעמפּל ניט פאַרשטעלן.
און בראַמאַ וואַרט
אויף אַלע טירן פון זיין טעמפּל,
אויף אַלע שוועלן
וויגט און גריסט דיך איצט אַן אַנגעצונדן לעמפּל.

איצט טאַנצסטו שוין דיין לעצטן טאַנץ.
עס בויגט דיין קאָפּ זיך צו די קניען
און דיינע פליגלדיקע הענט
איבער שפּאָרן, פּרענזעלאַך און ביינערנע סקעלעטן
מיט קרוינען, שווערדן, עפּאָלעטן
פון קעניקע און פון גאַלאַנטע ריטער.
און ווי די שפּענדלאַך
וואַרפסטו זיי צו בראַמאַס פיס —
צו בראַמאַן — דיין באַשיצער.
צו בראַמאַן — דיין באַהיטער.

מאַטאַ־האַרי
מאַטאַ־האַרי
וואויל איז דיר,
וואָס האָסט דיין לעצטן טאַנץ
צו בראַמאַן אָפּגעגעבן.
צו בראַמאַן האָסטו דאָך געהערט
און בראַמאַ וועט דיר אַלץ פאַרגעבן.

# אַ מיראַזש

דער גאַנצער מערב איז אין רויט צעפּלאַמט,
פון מזרח-זייט הויבט אויף זיך אַ מיראַזש —
אַ גאָלד-באַצירטער, בלויער עקיפּאַזש
שוועבט צווישן הימל און׳ם זאַמד.
אַ קעניגין און הינטער איר אַ פּאַזש,
די פינס׳ער אין רויטן זון צעפּלאַמט
און הינטער זיי, געבויגענע צום זאַמד,
אַ קעמל-קאַראַוואַן מיט שווער באַגאַזש.
פון וואַנען ציען זיי זיך און וואוהין?
דער מערב האָט נאָך רויטער זיך צעפּלאַמט —
פון צווישן בערג מיט געלן זאַמד
וואַקסט אויס אַן אַלטער בעדואין.
אַללאַ-האַ-האַ! אַללאַ איז גרויס!
און גוט איז ער צו זיינע זין.
עס פאַלט צום זאַמד דער בעדואין
און שטרעקט די הענט צום הימל אויס.
אַללאַ-האַ-האַ! אַללאַ איז גרויס!
און איבער אים — דער בלויער עקיפּאַזש,
די קעניגין און אויך דער יונגער פּאַזש,
ווי ליכטלאַך, לעשן זיך אין מזרח אויס.
אַללאַ-האַ-האַ! גלין-גלין, דין-דין, גלין-גלאַן!
דעם בעדואינ׳ס זיך ציקלענדיק געזאַנג
מישט אויס זיך מיט דעם גלעקלדיקן קלאַנג
פון ציענדיקן קעמל-קאַראַוואַן.

## ביים זייט פון וועג

ביים זייט פון וועג
ווייסלט זיך אין בלויקייט פון דער נאַכט
אַ הויכער באַרג
און לעבן אים
אויף דר'ערד —
די ביקס צום האַרץ געפּרעסט
ליג איך אַ שווייגנדיקער,
ווי שווייגנדיק
עס ליגט דער הויז־הונט
וועמענס שלאָף
עס ווערט ניט דורך די נאַכט
פון פאַרדעכטיק־שטילע טריט געשטערט.
און אונטן אינ'ם טאָל
פאַרזונקען ליגט אין שווערן שלאָף
דער קעמפּ.
די ווייסע קיילאַכדיקעביידלאַך,
וואָס זיינען דאָ און דאָרט צעשפּרייט
ליגן צו דער ערד געפּרעסט,
ווי ווייסע קיילאַכדיקע קנעפּ
אויף טונקעלע געוועבן צוגענייט.
נאָר אויבן,
אויפ'ן שפּיץ פון וואַכט־הויז
צינדן זיך
און לעשן זיך,

צינדן זיך
און לעשן זיך
צוויי לאָמפּן,
ווי אויגן ניט-דערשלאָפענע און רויטע.
און אין דער טונקלקייט פון נאַכט
וואַכן זיי, ווי מיינע,
וואַכן זיי, ווי מיינע.

ביים זייט פון וועג
ווייסלט זיך אין בלויקייט פון דער נאַכט
אַ הויכער באַרג.
און אונטן אינ׳ם טאָל
ליג איך אַ צוגעפּרעסטער צו דער ערד
און פיל דאָך ניט זיין גרויסקייט איבער מיר.
עס דאַכט זיך מיר:
איך בין העכער פונ׳ם באַרג,
ריזיקער פון אים.
און בלויז צוליב קאַפּריז
האָב איך זיך אויף דער ערד
ביי זיינע פים צולעגט.
די ווייסע, קיילאַכדיקע ביידלאַך,
וואָס זיינען דאָ און דאָרט צעשפּרייט
זיינען דאָך די קנעפּ
אויף מיינע ריטערלאַכע קליידער צוגעניים.
און אָט די לאָמפּן,
ווי אויגן ניט דערשלאָפענע און רויטע,
זיינען מיינע אויגן דאָך,
וואָס וואַכן
איבער אָט דעם הויכן באַרג
אין בלויקייט פון דער נאַכט.

## ביים כרמל

...דיין קאָפּ אַזוי שיין, אַזוי שטאָלץ,
ווי שיין און ווי שטאָלץ
ס'איז דער קאָפּ פון'ם כרמל —
אַזוי האָט אַ פּרינץ צו אַן איינפאַכע מיידל געזונגען,
און הערנדיק שטום דאָס געזאַנג פון'ם כרמל
האָט ציטריק דאָס מיידלשע האַרץ זיך געהויבן,
אַזוי ווי עס ציטערט פון ווינט אינ'ם כרם
אַ הענגל מיט רייפע און זאַפטיקע טרויבן.

...דיין קאָפּ אַזוי שיין, אַזוי שטאָלץ,
ווי שיין און ווי שטאָלץ
ס'איז דער קאָפּ פון'ם כרמל —
פון פּרינץ איז דורך יאָרן
אַ בעטלער געוואָרן.
און איצט שטייט דער בעטלער
אין זיינע געלאַטעטע קליידער
ביים פוס פון'ם כרמל.

פון הינטן —
דער ים,

אזא בלויער און ברייטער,
מיט שיפן,
וואָס גייען און קומען
און פאַראויס —
דער כרמל,
וואָס שניידט אזא שטאָלצער זיין קאָפּ צו דעם הימל.

...דיין קאָפּ אזוי שיין, אזוי שטאָלץ,
ווי שיין און ווי שטאָלץ
ס'איז דער קאָפּ פונ'ם כרמל —
עס ווערן די אויגן פון בעטלער
אַלץ ברייטער און ברייטער.
פון שווייגנדיקן כרמל
לאָזט שטום זיך אַרונטער
אַ מיידל מיט קרויזיקע לאָקן,
וואָס וויקלען זיך שטאָלץ צו איר שטערן.
און שטיל הויבט מיין האַרץ אָן צו זינגען —
דיין קאָפּ אזוי שיין, אזוי שטאָלץ,
ווי שיין און ווי שטאָלץ
סאיז דער קאָפּ פונ'ם כרמל.

# ראַטמיאַ

.1

דיין בליק —
אַ זילבער־שטראַל פון דער לבנה,
וואָס הויבט דעם שלאָפלאָזן
אינמיטן נאַכט פון בעט אַרויס
און ברענגט אים צו דעם פענצטער צו
און דורך די שויבן, —
שפּילנדיק זיך אין לבנה־שיין,
הויבן זיך פון דר'ערד אַרויף
דינע, שלייערדיקע נעבלען
און וויגן זיך אין ציטערן,
און וויגן זיך און ציטערן.
בין איך —
דער שלאָפלאָזער,
וואָס איז צום פענצטער צוגעגאַנגען.
בין איך —
אַ דינער, שלייערדיקער נעבל.
שפּילנדיק זיך אין דער לבנה־שיין,
וויג איך זיך און ציטער,
וויג איך זיך און ציטער.

.2

דיינע אויגן, —
צוויי הימלאַך־לויכטנדיקע שויבן,
וואָס לויכטן דורך דער שוואַרצער נאַכט
צום וויסטן, פוסטן טאָל אַראָפּ
און איך, —
דער ווייסטער וואַנדערער
אין אָט דעם פוסטן טאָל,
הויב אויף די טריט
צו דיינע לויכטנדיקע שויבן.

.3

דיינע הענט, —
צוויי האַלבע טויערן
צעעפנט אין דער ברייט
פאַר יעדן וויסטן וואַנדערער,
וואָס גייט דיין הויז פאַרביי.
בין איך,
דער וויסטער וואַנדערער
דיין הויז פאַרבייגעגאַנגען.
בין איך —
דער וויסטער וואַנדערער
אין דיינע טויערן אַריין.

4

דיין שׂווים —
אַ קאָרן־פעלד,
וואָס כוואַליעט זיך
און כוואַליעט זיך
אין ליכט פון זונענדיקן טאָג
און מאַכט דעם דורכגייער פון ברייטן וועג
פאַרגעסן אָן די צילן פון זיין גאַנג.
אַ רואיקער,
באַרואיקטער,
לאָזט ער זיין בליק זיך וויגן
אויף אָט דעם קאָרן־פעלד,
וואָס כוואַליעט זיך
און כוואַליעט זיך
אין ליכט פון זונענדיקן טאָג.
בין איך —
דער דורכגייער פון ברייטן וועג,
וואָס האָבן די צילן פון מיין גאַנץ פאַרגעסן.
בין איך —
דער בליק,
וואָס וויגט זיך אום
אויף אָט דעם קאָרן־פעלד,
וואָס כוואַליעט זיך
און כוואַליעט זיך
אין ליכט פון זונענדיקן טאָג.

.5

אָט אַזוי.
מײַן קאָפּ אין דײַנע הענט פֿאַרוויגט.
און איבער מיר —
דײַן בליק,
אַ קאָנוואולסיווער,
אַן אויסגעצערטער פֿון באַגער.

אַרום —
אַ וועלט פֿון בלויע זילבערנע אַטאָמען,
וואָס וויגן זיך —
זינגענדיקע,
אינ׳ם רוים.
און איך —
אַן אײַנגעוויגטער,
אַן אויפֿגעלייזטער
אין דײַנע הענט,
בין אויך אַ בלויער, זילבערנער אַטאָם.

פֿלאַטערנדיק
און זינגענדיק
וויג איך זיך אינם רוים.

.6

די ווייך־געקרויזטע לאָקן אויף דײַן קאָפּ
זײַנען ציטעריקע וועלן אויפֿ׳ן ים,
וואָס ווערן פֿון אַ לײַכטן ווינט געגלעט
און בלויען שײַן פֿון דער לבנה.

און איך —
אַן איינזאַם שיפל אויפ'ן ים,
ציטער אום אויף אַט די וועלן,
געגלעט פון לייכטן ווינט
און בלויען שיין פון דער לבנה.

ראַטמיאַ.
צו וועלכן וואונדער־לאַנד
וועט היינט דער ווינט אונז ברענגען?

.7

דאָס שאַרכן אויפ'ן זאַמד
איז ניט פון אַכמעד'ס הינקנדיקע פיס.
ער האָט די קוליעס זיינע היינט פאַרלוירן אין די בערג
און איצטער וואַלגערט ער זיך הילפלאָז דאָרט אַרום.

ראַטמיאַ.
דו הערסט דאָס קלאָגנדיקע וואויען פון שאַקאַלן?
דאָס שאַרכן זיי דאָ אויפ'ן זאַמד.
און אפשר פרעסן זיי דאָס פלייש פון אַכמעד'ס גוף
ערגעץ אין די בערג?

ראַטמיאַ.
דעק אויף דעם שוואַרצן שלייער פון דיין פנים, —
די בלויע, זילבערנע לבנה

באַבלויט און באַזילבערט אַלץ דאָ אינ'ם טאָל
און אין דער בלויקייט
זיינען דיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן
גרעסער נאָך
און שוואַרצער נאָך.

.8

ווי נאָכגעלאָזטע פליגל פון אַ געל-געפלעקטער הון,
וואָס האָט זיך נאָר וואָס פונ'ם צודרונגלאַכן האָן באַפרייט,
אַזוי־אָ קוקן היינט די ברעגן פון דיין געל-געבלומטער שאַל
ראַטמיאַ.

דער ברויזנדיקער ים-וואַל,
וואָס האָט אַמאָל אין אַ פאַרנאַכט
דאָס פייער פון דער זון פאַרלאָשן,
האָט היינט זיך נאָענט דאָ געלאָזן הערן.
און אין דיין אומרואיקן בליק
אַ גליענדיקער ציטער
פון פייערן געלאָשענע
און ניט דערלאָשענע.

ראַטמיאַ.
אָן וועלכן ברעג
האָט היינט אַ ברויזנדיקער ים-וואַל
איף טויזנט זילבער פיצלאַך זיך צעשמעטערט?

.9

צווייַ הענגלאַך זאַפּטיק־פּולע טרויבן
ציטערן אַפּיר
פון צווישן שאָטנדיקע צווייַגלאַך.
און איבער זיי
אין גליענדע קאָנוואולסיעס
הענגט מייַן בליק,
ווי גליענדיק און קאָנוואולסיוו
עס לעבט אין הייסן מדבר־זאַמד
דער אויסגעמאַטערטער פון דורשט.

צווייַ הענגלאַך זאַפּטיק־פּולע טרויבן.
און איך —
אַן אויסגעמאַטערטער
פון הייסן טאָג
און אָפּגעברענטן וועג
צעבלוטיק מייַנע פינגער
אָן שטעכנדיקע צאַמען
וואָס שטערן מיר
די זאַפּטיק־פּולע טרויבן צו דערגרייכן.

.10

אַ טרויב
און נאָך אַ טרויב.
עס ציען מייַנע ליפּן דורשטיק זיך נאָך טרויבן.

אַ שאָרך צווישן צווייַגלאַך.
דער ווינט ?

דער וועכטער פונ׳ם כרם ?
אָדער אַ שאַקאַל פון הונגער דאָ פאַרבלאָנדזשעט ?
מיך אַרט עס ניט.
אַ טרויב
און נאָך אַ טרויב.
עס ציען מיינע ליפּן דורשטיק זיך נאָך טרויבן.

.11

ניט דער ווינט,
ניט דער וועכטער פונ׳ם כרם
און אויך ניט קיין שאַקאַל פון הונגער דאָ פאַרבלאָנדזשעט,
נאָר פלאָנטערנדיק זיך צווישן בוימלאַך
האָט אָן אַ צווייג
דיין שאַל פאַרטשעפּעט זיך,
ראַטמיאַ.
הויב אויף דיין קאָפּ,
זאָל שטיל צוריק דער שלייער אויף דיין פּנים פאַלן.
און אין דער שאַל פאַרנורע דיינע גלידער ; —
דען שכור איז מיין האַרץ
פון הרודעס זילבער,
וואָס וויגן זיך אין בלויקייט פון דער נאַכט.
און פון די טרויבן —
אויסגעפּרעסטע
און צעוואָרפענע
ביי מיינע פיס,
ראַטמיאַ.

# ראַטמיאַס טאַנץ

טאַנצט פאַר מיר ראַטמיאַ,
מיט לבנה־שײַן אַן אָפּגעגאָסענע.
אָט אַזוי,
אָט אַזוי.
אַלע ברעגן פון איר שלייער
אויפגעהויבענע,
צעפלאָסענע.
אָט אַזוי.
הויבן זיך די נעבלען העכער פון דער ערד אויף,
ציען זיך,
צעפליסן זיך.
און די בערג ביים האָריזאָנט —
מישן זיך,
פאַרלירן זיך.

טאַנצט פאַר מיר ראַטמיאַ
מיט לבנה־שײַן אַן אָפּגעגאָסענע.
אָט אַזוי,
אָט אַזוי.

ז. ווײַנפּער

העגט און בריסט פֿאַראויס געשטרעקט
און גאָר פֿלוצלונג צו דער ערד אַ פֿאַל,
ווי אַ חיה, אַ געשאָסענע.
אָט אַזוי.
ביים די נאַכט איר אויסזען —
בלוי און ווייס,
ווייס און בלוי.
און די טרויבן־צווייגלאַך
פֿרעסן טיפֿער זיך אין זאַמד אַריין.
און דער טרויבן־ריח
ברייט זיך,
שפּרייט זיך
העכער,
ברייטער
אינ׳ם רוים אַריין.

אָט אַזוי
טאַנצט פֿאַר מיר ראַטמיאַ
מיט לבנה־שײַן אַן אָפּגעגאָסענע.
אַלע ברעגן פֿון איר שלייער
אויפֿגעהויבענע,
צעפֿלאָסענע.

# ראַטמיאַ׳ס לידער

## אַ שעך

אַ שעך איז געקומען
קיין על-עריש,
קיין על-עריש,
ווען די טרויב האָט געגרינט.
זיין פּנים און הענט
פון זון אָפּגעברענט,
אינגאַנצן צעביסן פון ווינט.

דער שעך איז געבליבן
אין על-עריש,
אין על-עריש,
ביז די טרויב האָט געבליט.
פאַרטרוקנט זיין צונג,
נו, בעט ער אַ טרונק —
די טרויב אָבער גיט אים נאָך ניט.

דער שעך איז געשטאָרבן
אין על-עריש,
אין על-עריש,
פון דאָרשט אויסגעצערט.
איצט ליגט אין׳ם שטויב
די זאַפטיקע טרויב
ביי יעדערנס פוס אויף דער ערד.

ז. וויינפער

## די בין

די זשומענדע, גיפטיקע בין
האָט איינמאָל געקושט מיינע פינגער,
געקושט מיינע פינגער.
די ערד איז געווען דאַן באַוואַקסן און גרין,
באַוואַקסן און גרין
און איך, פון אַ שמעטערלינג, גרינגער.

די זשומענדע, גיפטיקע בין
האָט נאָכדעם געקושט מיינע אויגן,
געקושט מיינע אויגן.
האָב איך זיך געוואָרפן אַהער און אַהין,
אַהער און אַהין,
ווי ווער וואָלט מיין בלוט אויסגעזויגן.

די זשומענדע, גיפטיקע בין
האָט ווילד אין מיין לייב זיך געביסן,
אין לייב זיך געביסן.
האָב איך זיך געוואָרפן אַהער און אַהין,
אַהער און אַהין
און ווילד מיינע קליידער געריסן.

דערנאָך איז די גיפטיקע בין
שפּורלאָז פאַרשוואונדן ביים שייד פון די וועגן,
ביים שייד פון די וועגן.
איצט בין איך אַליין שוין אַ גיפטיקע בין,
אַ גיפטיקע בין
פאַר יעדן, וואָס קומט מיר אַנטקעגן.

# אַזוי-אָ ליגן

.1

אַזוי-אָ ליגן
און שווייגן, שווייגן,
ווי שווייגנדיק עס ליגן
די ווייסע בערג ביים האָריזאָנט,
דער הימל איבער זיי
און אויך די נאַכט.

אַזוי-אָ ליגן
און שווייגן, שווייגן, —
פון קאַלטן ווינטער-לאַנד
נעמט פלוצלונג זיך אַ ווייסער בער באַווייזן
און הויבנדיק זיין ברייט-צעעפנט מויל צום הימל,
פאַרשלינגט ער די לבנה.

אַזוי-אָ ליגן
און שווייגן, שווייגן,
ווי שווייגנדיק עס טונקלט זיך די נאַכט ארום.
נאָר אין די ווייכע ברעגן פון דיין שאַל
די קאַלטע גלידער מיינע
נורען, נורען.

.2

ווייסקייט !... ווייסקייט !...
ווייסע בערג
און ווייסע שווימענדיקע וואָלקנס.

מישן בערג און וואָלקנס זיך צוזאַמען.
ווייסקייט !... ווייסקייט !...
ערגעץ ווייסלט זיך אַ פּאַלאַץ —
ווייסע ווענט
און ווייסע, גלאַנציקע קאָלאָנען.
זיצט אין אים אַ יונגער סולטאַן
איינגעהילט אין ווייסע טיכער
און אַרום אים —
ברעכן זיך און ציען...
פרויען לייבער
ווייסקייט !... ווייסקייט !...
עמיצער, אַ ווייסער
האָט זיך איבער אונז פאַרצויגן
און מיר שוועבן אין אַ וועלט
פון ווייסקייט.

3.

פון וואַנען אַט דער ווייסער פּאַלאַץ
און די גלאַנציקע קאָלאָנען ?
די ווייסע דין-געוועבטע טיכער
און די קישנס אונטער מיינע פיס געבעט —
פון וואַנען ?

אַרום די גלאַנציקע קאָלאָנען
דרייען זיך אין קרייזן
ווייסע פרויען-לייבער.

און איבער זיי, —
ווייסע שוואַנען
מיט פליגל אויסגעשפּרייטע,
מיט העלזער אויסגעשטרעקטע
צאַפּלען זיך
און פּלאַטערן.

פון וואַנען איז דאָס אַלץ?
איך היל זיך אין די טיכער איין
און קוק
מיט אויגן ברייט-צעעפנטע
אויף ווייסע פרויען-לייבער
און צאַפּלענדיקע שוואַנען.

.4

און פּלוצלונג
האָט אויך דאָ צווישן די קאַלאָנען
דער ווייסער בער
פון קאַלטן ווינטער-לאַנד
גענומען זיך באַווייזן,
און שטום געוואָרן איז די פרייד
פון די זיך פרייענדיקע.
די ווייסע פרויען-לייבער
האָבן זיך פון שרעק גענומען קאָרטשען,
פּונקט, ווי עס קאָרטשעט זיך דער אויבערפלאַך פון ים,
דער פילנדיק דעם אָנקום פונ׳ם שטורעם.

ז. ווייספּער

די ווייסע פלאַטערנדיקע שוואַנען
האָבן אויפגעהערט צו פלאַטערן
און שווייגנדיק
די העלזער איינער אינ׳ם אַנדערן גענורעט,
פונקט, ווי עס נורען זיך די שאָף אין פעלד,
דערפילנדיק דאָס לויערן פון וואָלף אויף זיי.
און באַלד, —
זיינען ווייסע גלאַנציקע קאָלאָנען
מיט רויט געוועז באַשפּרינקלט.
פון ווייסע פרויען-לייבער
האָבן שנירלאַך בלוט אַראָפּגערונען.
שוואַנען-העלזער
האָבן זיך געבראָכן
און פליגל —
ווייסע רויט-באַפלעקטע פליגל
זיינען צו דער ערד געפאַלן.
און איך —
אַליין אויך אַ צעבלוטיקטער,
אַ באַפלעקטער,
הויב קאָנוואולסיוו
די ווייסע טיכער פון מיין לייב אָן רייסן
און עמיצן אַ כאַפּ טוענדיק אין זיי,
פּרוּאוו איך זיך צום אַרויסגאַנג לאָזן.
נאָר מיד בין איך
און אויסגעשעפּט
און פאַל צוריק מיט מיין געפעק
צווישן גלאַנציקע מיט בלוט-באַשפּרינקלטע קאָלאָנען.

5.

וואוהין איז דער פּאַלאַץ פאַרשוואונדן ?
די ווייסע פרויען-לייבער
און די פלאַטערנדיקע שוואַנען ?
בלויז דער קאַלטער בער
שפּאַנט שווייגנדיק אַרום
פון באַרג צו באַרג
און טאָל צו טאָל,
און ברענגט דעם קאַלטן ווינטער מיט
אויף יעדן אָרט,
וואוהין ער קומט.

קום, לאָמיר גיין פון אָט דעם אָרט,
ראַטמיאַ.
דער זילבער-ווייסער נעבל,
וואָס ציט זיך פון די בערג,
הויבט גאַסטפריינדלאַך פאַר אונז זיין שלייער אויף
און רופט אונז אונטער אים זיך צו באַשיצן.

קום, לאָמיר גיין פון אָט דעם אָרט,
ראַטמיאַ.
דען סיי-ווי איז דער פּאַלאַץ שוין פאַרשוואונדן
און פונקט, ווי דער לבנה,
האָט אויך די ווייסע גלאַנציקע קאָלאָנען
דער ווייסער בער פאַרשלונגען.

.6

— קאַ־קאַ! קאַ־קאַ!
וואָס האָט דער אויער־האָן
זיך פּלוצלונג אין די בערג צעשריגן?
— קאַ־קאַ! קאַ־קאַ!
עס וויגן זיינע אויסגעשרייען זיך, —
אַט אומעטיק און ברייט,
ווי פון אַ באַרג אַרונטער.
אַט יאָמערדיק־פאַרשטיקט,
ווי פון אַ טאָל אַרויס.

— קאַ־קאַ! קאַ־קאַ!
האָט אים אין דרימל
אַ בייזער חלום זיך געוויזן?
צי האָט זיין ווייב
זיך אין אַ פרעמדער נעסט פאַרלוירן?

— קאַ־קאַ! קאַ־קאַ!
עס וויגן זיינע אויסגעשרייען זיך
און פאַלן אויף מיין האַרץ,
ווי שווערע דונער־קלעפּ.
ראַטמיא.

.7

— גריב־גראב.
— גריב־גראב.
ווי אַכמעד'ס קוליעס אינ'ם זאַמד אַריין,
אַזוי־אָ גרובן זיך אַצינד
די שאַרפע נעגל פונ'ם אויער־האָן
אין מיין לייב אַריין,
ראַטמיאַ.

— גריב־גראַב.
— גריב־גראַב.
אַכמעד האָט די קוליעס אין די בערג פאַרלוירן?
אַכמעד'ס גוף איז פון שאַקאַלן אויפגעפרעסן?
אַכמעד איז שוין טויט?

יאָ, יאָ.
אַכמעד האָט די קוליעס אין די בערג פאַרלוירן.
אַכמעד'ס גוף איז פון שאַקאַלן אויפגעפרעסן.
אַכמעד איז שוין טויט.
אָבער ניט פאַרלוירן האָט דער הויער־האָן
די שאַרפע נעגל זיינע.
און ניט אויפגעפרעסן איז דער הויער־האָן
פון די שאַקאַלן אין די בערג,
ראַטמיאַ.

— גריב-גראב.
— גריב-גראב.
דו זעסט די שוואַרצע פלעקן,
וואָס קאַפּעז, קאַפּען
און שפּרייטן זיך אין זאַמד ? —
דאָס זיינען פלעקן פון מיין בלוט,
וואָס קאַפּען טראָפּנווייז
אַרונטער פון מיין האַרץ
און שוואַרצן זיך
אין טונקלקייט פון נאַכט אַזוי,
ראַטמיאַ.

.8

אויף מיין האַרץ, —
אַ שרייענדיקער
גראַבלט זיך דער הויער-האָן,
און איבער מיר, —
שפּאַנט אום אַ שווערער
דער ווייסער בער.

— קאַ-קאַ! קאַ-קאַ!
אין וועלכער פרעמדער נעסט
האָט זיך מיין ווייב פאַרבלאָנדזשעט ?
— קאַ-קאַ! קאַ-קאַ!
אונטער וועמעס פליגל
רוט זי אָפּ איר שיינעם קאָפּ אַצינד ?

— בו־הו־הו־בו...
שפּאַנט אַ שווערער אום
דער ווייסער בער.
— בו־הו־הו־בו...
וואַרפט מיט ווייסן שניי פון מויל,
וואָס שפּרייט אַ קעלט אויס אין דער לופט.
— בו־הו־הו־בו...

קום לאָמיר גיין פון אָט דעם אָרט,
ראַטמיאַ.
אפשר וועט דער אויער־האָן
אויפהערן מיין האַרץ צו גראַבלען.
אפשר וועט דער קאַלטער בער
אונז אויפ׳ן וועג פאַרלירן.

## אינהאַלט: